


ו. אליהו הוטנער

# אַנעקדאָטען און פאָלקס-מעשיות

פון אייביגען קוואַל




A RELIGIOUS BIBLICAL AND HISTORICAL BOOK

# אַנעקדאָטען
אוּן
# פאָלקס־מעשיות

פון אייביגען קוואַל

נאָכ׳ן תנ״ך, מדרש, תלמוד, קולטור געשיכטע
און היינטיגע צייטען.

לכל זמן ועת לכל — חפץ תחת השמים:
עת לבכות ועת לשחק, עת ספוד ועת רקוד

אויף אלץ איז אַ צייט, און עס איז אַ צייט פאַר יעדע זאַך
אונטער׳ן הימעל:

אַ צייט צו וויינען און אַ צייט צו לאַכען,
אַ צייט צו קלאָגען און אַ צייט צו טאַנצען.
(קהלת, ג׳)

ארויסגעגעבען פון

**רעוו. אליהו הוטנער**

בן העלוי ר׳ שמריהו זצ״ל ונכד הרב הגאון הצדיק ר׳ יצחק
זצ״ל ציוני, בעל המחבר „עולת־יצחק״, אשר היה רב אב״ד
ארבעים ושתים שנה בעיר רעזיצא, פלך וויטעבסק.

מאָנטרעאל, קאַנאַדע

ANECDOTEN AND FOLKS-MAISCHIES

A Religious Bibilical
and Historical Book

# פאָרוואָרט.

דער אידישער „פאָלקלאָר” נעמט אַריין אין זיך אַן אוצר פון מעשיות, משלים, אגדות, וויצען, ווערטלעך, אַנעקדאָטען און שיחות־חולין, וואָס דאָס פאָלק האָט במשך פון דורות דאָס צוגעגרייט. און וויפיל משכילים עס וועלען נאָך שרייבען און שאַפען פון „אידישען קוואַל” וועט ער קיינמאָל ניט אויסגעשעפט ווערען און שפרודלען מיט זיין סאַטירע, סאַרקאַזם און איראָניע אויף אייביג.

אַזוי ווי אלע טייכען געהן צום יַם און דער ים ווערט ניט פול, אזוי וועט קיינמאָל ניט פול ווערען דער „אידישער „פאָלקלאָר” — דורות פאַרבייטען דורות און פון איטליכען דור זאַמעלט זיך צונויף אַן אוצר פון לעגענדעס, משלים, אַנעקדאָטען און אַלעס גיסט זיך אריין אין „אידישען פאָלקלאָר”.

מיט איין וואָרט שאַרף און פילאזאפיש נעמט אַרום דער „אידישער פאָלק־קלאָר” דעם מענשען מיט זיינע מעלות און חסרונות, מדות טובות און מדות רעות, מיט זיין איינגעהאלטענקייט, מיט זיין הפקרות׳דיגקייט און מיט זיין תמימות׳דיגקייט, מיט זיין געטליכקייט און מיט זיין ענוות׳דיגקייט. מיט איין וואָרט — אין „אידישען פאָלקלאָר” ליגט דער תמצית־עסענץ פון עקזיסטענץ פון דער מענשהייט. עס איז זעהר בולט אַ מענש בצורת חיה און א מענש בצורת אלקים.

אויך האָב איך ניט פארפעלט אין דיזען ספר צו שרייבען פאָלקס־מעשיות וואָס רופען ארויס „אַ וויינענדיגען געלעכטער” — בילדער וואָס איך האָב בייגעוואוינט. די כאַראַקטעריסטישע מעשה׳לעך, וועלען פאַרשאַפען די לעזער אַ קוואַל פון פרייד און געלעכטער. איך האָב זיך אראָפּגעלאָזען צום גרונט פון ים קולטור און תלמוד, און צונויפגעזאַמעלט חמר־מאַטעריאַל — דימענטען און פערל פון גייסט. שליפענדיג זיי פיל מאָל אום צו געבען זיי אין פולען גלאַנץ.

איך האָב געקליבען שטאָף וועגען „אידישען פאָלקלאָר” אזוי ווי די קליינע ביהן וואָס קלייבט איהר האָניג פון די ערשטע און בעסטע בלומען, און טייל עס מיט מיינע לעזער.

דער מחבר.

# אינהאַלט פאַרצייכעניש





# על קדוש-השם

## גר־צדק.

די מלאכים אין הימעל זיינען געווען זעהר פארנומען צו באַשאַפען אַ הייליגע נשמה פון דעם „גר־צדק" — חמר האָבען די מלאָכים גענומען דאָס שטאַרקסטע, דאָס בעסטע, דאָס שעהנסטע: חכמה, בינה, דעת, חמלה, מסירת נפש על קדוש השם; זיי האָבען דאָס אלעס צונויפגעזאַמעלט און עס האָט זיך באקומען אַ נשמה טהורה וקדושה — און גאָט האָט געזאָגט אז דאָס איז גוט! ווען די נשמה איז פאראייניגט געווארען מיט'ן קערפער האָט זי אונטער אַ שבועה גענומען אויף זיך צוהאלטען זיך בקדושה וטהרה ביז וואַנען זי וועט זיך צושיידען מיט'ן גוף.

* * *

דער גר צדק, גראַף פּאָטאָצקיס זוהן, וואָס האָט פריהער געטראָגען דעם נאָמען אלכסנדר וואַזניצן, איז געווען אַ קאַפּיטאַן לייטענאַנט פון דער רוסי־שען פלאָט אין אָנפאַנג פון 18־טען יאָהר־הונדערט. ער איז געווען אין דער צייט פון דער רוסישער קעניגין אַננאַ יאָהאַנאָוונאַ. אלכסנדר האָט געהאט אַ שאַרפען קאָפּ און א שכל הישר, דערצו איז ער געווען באַגאַבט מיט שעהנ־קייט. ער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין לערע אין סקול און די לעהרער האָבען אים זעהר ליעב געהאט פאַר זיינע פעהיגקייטען און אָנשטענדיגקייט. אלכסנדר האָט געענדיגט גימנאַזיום און אוניווערזיטעט. און דאָס אלעס האָט איהם ניט באַפרידיגט. ער האָט געשטרעבט צו העכערעס, צו מעהר ממשות'דיגס. ער און זיין ליבער חבר זאַרעמבאַ, מיט וועלכען ער האָט געלערענט איניינעם און פאַרבראַכט זיינע יונגע יאָהרען, האָבען געפיהרט א נאַרמאַלען לעבען, ניט געהוליעט ווי אנדערע יונגע פריצים. זיי האָבען פאַרבראַכט זייער צייט, אין לערנען און אין פילאָזאָפיע. אין קאָמפּאַניע פון די מאַגנאַטען און פריצים

האָבען זיי ניט געפונען קיין שום אינטערעס. דאָס וואָס איז געווען ליעב צו די פריצים: שכרות, וואַקכאַנאַליע, יאַכט און פייניגען זייערע קנעכט — איז דאָס אַלעס געווען אומווירדיג ביי אלכסנדר׳ן און זיין חבר זאַרעמבאַ. זיי האָבען געקעמפט פיעל מיט זייערע חברים פריצים אז זיי זאָלען פאַרלאָזען זייע־רע שלעכטע מעשים, מחזיר למוטב זיין און געהן אויפ׳ן גלייכען וועג. אויף אַ טייל פון זיי האָבען זיי געווירקט. אין דעם חנוך פון יונגען דור זענען געווען שולדיג די גלחים דער „יעזואיטישער אָרדען״, וועלכער פלעגט פאַרשפריי־טען גיפט צווישען דער יוגענט, און די גלחים פלעגען לערנען אין די יעזואי־טישע שולען, אז עס איז א מצוה פיינט צו האָבען אידען און פאַרפאָלגען זיי. פיל מאָל איז פארגעקומען וכוחים און שפּאַרעניש צווישען אלכסנדר׳ן און זיין פאָטער גראַף פּאָטאָצקי; דער זוהן האָט זיך ניט גע׳שמ׳ט ארויסצוזאָגען צו זיין פאָטער דעם אמת אז אַזאַ לעבען ווי ער פירט איז א חיה׳דיגער לעבען . . . ער האָט איהם דערקלערט אז אלע מענשען זענען גלייך און אלע זענען גאָט׳ס קינדער. „מאָשקע״ — דער ארענדאַטאָר איז אויך אזאַ מענש ווי זיין פאָטער דער גראַף; ווען זיי וואָלטען אראָפּוואַרפען פון זיך די קליידער — דער פּריץ זיין מונדער און „מאָשקע״ זיין זופּיצע און בלייבען מוטער־נאַקעט וואָלט דאַן זיין פאָטער זעהן אז ער איז פון דעם זעלבען שטאָף. פלייש און בלוט ווי „מאָש־קע״, און ער טאָר ניט וואַגען איהם שמייסען . . . דער פאָטער אבער איז געווען אַן איינגעוואָרצעלטער גראַף מיט שלעכטע מדות און געווען מיט דער מיינונג אז וואָס ער וויל מעג ער טאָן מיט זיינע קנעכט . . . האָט דעם זונ׳ס רייד אויף איהם ניט געווירקט, נאָר עס האָט איהם אויפגערייצט . . .

די אטמאָספערע איז געווען אין דער היים ענג פאַר אלכסנדר׳ן און זאַ־רעמבאַ׳ן און זיי האָבען געזוכט אַן אנדער קלימאַט. זיי האָט געצויגען נאָך ליכטיגקייט און — צו פאָהרען נאָך פּאַריז, פאַרפאָלקאָמען זייער בילדונג, און וואָס זיי האָבען געטראַכט האָבען זיי אויסגעפילט. אלכסנדר מיט זיין חבר זאַרעמבאַ זענען אָפּגעפאָהרען נאָך פאַריז. זיי האָבען דאָרט געלערענט שפּראַ־כען אויך האָבען זיי זיך פאַראינטערעסירט מיט דער אידישער קולטור און פילאָזאָפיע. זיי האָבען אויסגעשטודירט אלע רעליגיעס פון פילע פעלקער געמאכט א פאַראַלעל צווישען זיי. באַקאַנענדיג זיך מיט דער לערע און היס־טאָריע פון אידישען מאַרטירער־פאָלק און דיסקוטירענדיג וועגען אידישע רעליגיע, האָבען זיי פאַרשטאַנען אז דער מקור פון אלע רעליגיעס ליגט אין אידענטום. זיי האָבען זיך באַקאַנט מיט אידען און געלערענט פיל פון זיי. אָבער וויסען דעם תמצית היהדות האָבען זיי געלערענט ביי גוטע פעדאַגאָגען: העב־רעאיש, תנ״ך און תלמוד. און וואָס ווייטער זיינען זיי באַגייסטערט געוואָרען מעהרער מיט דער אידישער לערע. פון פאַריז פאָרט דער יונגער גראַף פּאָ־טאָצקי מיט זיין חבר קיין בערלין. דערנאָך קיין רוים. דאָרט ווערט דער יונגער גראַף פּאָטאָצקי באַקאַנט מיט דער הינטער קוליסען־זייט פונ׳ם קאַטאָליציזם...

זיי האָבען פארלאָזען רוים און געפאָהרען נאָך האָלאַנד און פון האָלאנד — קיין אַמסטערדאם לערנען תורה. מען דערצעהלט אז זיין רבי אין אַמסטערדאַם האָט געהאט א שעהנע טאָכטער, אלכסנדר האָט זי געוואָלט פאר אַ כלה; דער רבי האָט איהם צוגעזאָגט צו געבען מיט דער צייט, וואָס וועט איהם בריינגען צו ווערען א איד — און ווען ער וועט גוט קענען לערנען.

ארומפאָהרענדיג די וועלט, באַקאַנענדיג זיך די יונגע־לייט מיט פאַר־שידענע מענשען; ווערען פראַקטישער אין לעבען און ציוויליזירטער.

מיט דער צייט האָבען זיי זיך פאַרבענקט אהיים; זיי האָט געצויגען צו די פראכטפולע פעלדער און וועלדער פון זייער פאָטער־לאַנד. צווייטענס האָט דער יונגער גראַף פּאָטאָצקי געוואָלט פאַרפולקאָמען זיך אין תלמוד אין ליטע.

זאַרעמבאָ, זיין חבר, האָט אין פוילען חתונה געהאט מיט א גראפס א טאָכטער און געהאט מיט איהר א זוהן. נאָר זיין האַרץ האָט איהם געצויגען צו אידישקייט איז ער אוועקגעפאָהרען קיין אמסטערדאם און ער מיט זיין פאַ־מיליע האָבען זיך מגייר געווען, זיי האָבען זיך דאָרטען באזעצט און מיט דער צייט, מיט זיין פאַמיליע זיך באזעצט אין ארץ ישראל. (ע׳ע אוצר ישראל חלק 8, דף 197).

קומענדיג אהיים, ווירקט אויף אלכסנדר׳ן, דעם יונגען גראַף פּאָטאָצקי, די אטמאָספערע פון זיין רייכען טאַטענס הויף. עס קומט פאָר ביי איהם אין האַרצען א קאמף צווישען יוצר טוב און יוצר הרע, דער גוף ציהט צו ערדיש... און די נשמה — צום הימעל . . . ער איז יונג און שעהן, ער וויל אויך גע־ניסען פון לעבען, פארברייננגט אין קאָמפּאַניע ביי א גלעזעל וויין מיט דער שעהנער יונגער טָאָכטער פון ארענדאַר „מאָשקע״. נאָר שנעל איז ער גובר זיינע געפילען, זיין אינסטינקט, אלכסנדר דערוויטער זיך פון די גערל, טוט תשובה מכפּר צו זיין פאַר זיינע שלעכטע מחשבות . . . די פארשידענע פסולת פון שלעכטע וואקסונגען — וואָס קלייבט זיך צונויף אויף זיין נשמה, וועלכע פאַרשוועכען די הייליקייט פון דער געטליכער נשמה—רייסט ער דאָס ארויס פון זיין הארץ און בלייבט ווייטער ריין און קלאָר ווי א קינד. ער געהט ארום גאַנצע טעג פאַרטראַכט, איבער די וועלדער, פעלדער, בערג און טאָלען, און באשליסט צום סוף ווערען א איד. און אלכסנדר, דער יונגער מאַגנאַט, דער יורש פון גיטער, טיטולען, אוצרות און כבוד, פארבינט זיין שיקזאל אויף אייביג מיט דעם שיקזאַל פונ׳ם פאָלק ישראל, וואָס איז געיאָגט און פאַראַכטעט. עס ציהט איהם צו ר׳ ברוך, מיט וועמען ער פלעגט אָפט א וכוח האָבען וועגען יהדות. (ר׳ ברוך איז געווען פון סמאָלענסק), ר׳ ברוך האָט איהם נאָך פריהער באַקאַנט געמאכט מיט די יסודות פון אידענטהום. און עס האָט זיך באַשאַפען ביי איהם אין הארצען א אמת׳ע ליבשאפט צום נייעם גלויבען . . .

און אזוי ווי דער יונגער גראף פּאָטאָצקי האָט זיך ענטשלאָסען מגייר זיין האָט איהם ר׳ ברוך אוועקגעפירט קיין דובּראָוונע (אין מאָהילעווער גובערניע) און דאָרט האָט מען איהם מל געווען. (ע׳ע פערטער טייל פּראָפעסאָר ה. גרעץ, זייט 223). און ער האָט זיך פון דאמאָלסט אָן אוןְ ווייטער זיך גערופען — אברהם בן־אברהם. אָבער פון דאמאָלסט אָן איז געוואָרען פאַר איהם, אין דער היים די לופט שעדליך. און אָט געפינט זיך איין דער געלערענטער צדיק אין קליין שטעטעלע איליע .ווילייסקאָוואַ אויעזד, ווילענסקאי גובערניע) אוןְ אברהם בן־אברהם האָט זיך דאָרטען אין בית־המדרש אויסבּאַהאַלטען און איינער אליין איז ער געזעסען אין בית־המדרש און געלערענט תורה יומם ולילה.

* * *

ישעיה הנביא האָט געזאָגט: מהרסיך ומחריביך ממך יצאו״ — דיינע צושטערער און דיינע פאַרוויסטער ווערלען פון דיר ארויסגעהן. (ישעיה מט׳) — עס כאפּט זיך ארויס אפּטמאָל פון אידישען פאָלק א מענש, וואָס מיט זיינע מעשים פאַרשאַפט ער פיל צרות און שמערצען — צו אַזאַ חיה בזויה געהערט דער מסור — יאשקע דער שניידער — פון איליע, וועלכער האָט גע׳מסר׳ט דעם „גר־צדק״ — אברהם בן־אברהם. מען דערצעהלט אז יאשקע איז געווען א נידעריגער מענש, וועלכער וואָלט פאַר געלט פאַרקויפט זיין טאַטען און מאַמען . . . מען דערצעהלט אז יאָשקע איז געווען גוט באַקאַנט מיט׳ן אלטען פריץ גראף פּאָטאָצקי. — אברהם בן־אברהם׳ס פאָטער — ער פלעגט זיך רייבּען ארום איהם, אמאָל באַקומען פונ׳ם אלטען פריץ שמיץ פאַר ניט אויספיהרען זיינע ווילדע באַפעלען, למשל, אראָפּנעמען א מאָס פון אַ געפאנגענעם לעבעדיגען בּער אויף אויפצונעהען פאַר איהם א פאָר הויזען . . . און אין א עת צרה גיט דער גראף יאָשקען אַ בייטעל געלט ער זאָל איהם זאָגען וואו דער יונגער דוכוס געפינט זיך . . .

א. ליטווין שרייבּט אין זיין בוך „אידישע נשמות״ אז ער איז געווען אין איליע און בּערע זלמנ׳ס האָט איהם דערצעהלט ווענען די „יאָשקעס״ — אזוי הייסען די אייניקלעך פון יענעם שניידער „יאָשקע״, וואָס האָט דעם „גר־צדק״ גע׳מסר׳ט. ער האָט איהם דערפאַר גע׳מסר׳ט ווייל דער גר־צדק האָט זיין אינגעל פאַר׳ן אויער אָנגעדרייט. דער אינגעל האָט געשטיפּט אין בית־המדרש און געשטערט דעם גר־צדק לערנען. ער האָט איהם געבעטען מיט גוטען ער זאָל אין א הייליגען אָרט גיט טומלען, נאָר ער האָט ניט געפאָלגט — אזוי האָט זיך ווידערהאָלט עטליכע טעג; דער אינגעל איז געווען פרעך און געזידעלט איהם. דאַן האָט דער גר־צדק איהם געדרייט פאַר׳ן אויער און ארויסגעטריבען פון בית המדרש.

דערביי האָט זיך דער גר־צדק אויסגעדריקט, אז אַן אמת אידיש קינד קען ניט זיין אזוי פרעך, מסתמא וועט ער זיך שמאַדען. (אין איליע זאָגט מען אַז דער אינגעל האָט זיך מיט אן אמת געשמאַדט) — עס ווערט דערצעהלט. נאָך אַ צווייטע ווערזיע, אז דער שניידער „יאשקע‟ כאָטש ער איז געווען א פאר־הייראַטער מאן, האָט ער געוואָרפען אַן אויג אויף דעם ארענדאַטאָר׳ס טאָכטער, זעהר א שעהנע יונגע מיידעל, און אזוי ווי דער שעהנער יונגער פאָטאָצקי איז געווארען א איד, האָט דער שניידער מורה געהאט אז ער זאָל מיט איהר חתונה האָבען, כאָטש דער גר־צדק האָט דערפון גאָר ניט געטראַכט — דערפאר האָט ער איהם גע׳מסר׳ט. עס ווערט דערצעהלט אויך אז יאָשקע, אלס פארדאָרבענער מענש, האָט אונטערגעהאנדעלט מיט ניט־כשרה סחורה . . . און האָט פיינט געהאט דעם „גר־צדק‟ פאר זיין מוסר זאָגען איהם. דער גר־צדק פלעגט יאָש־קען דערקלעהרען ווי אזוי עס דארף זיך אויפפיהרען עהרליך א איד, וואָרום דאָס אידישע פאָלק איז אויסגעקליבען געווארען זיין דער טרעגער פון העכסטע מאָראַל, צו זיין א לעהרער און אַ ביישפיל פאַר דער גאנצער מענשהייט.

מיט איין וואָרט ווען דער גר־צדק האָט זיך דערוואוסט פון דער מסירה איז ער אנטלאָפען אין „סטארינקע‟, א קרעטשמע אָכט וויאָרסט פון איליע, אָבער דער קרעטשמאר, פון שרעק, האָט איהם ארויסגעגעבען. בשעת די צוויי קריסטליכע נזירים האָבען איהם געפירט פון קרעטשמע אַ געשמידטען אין קייטען, האָט דער גר־צדק געשאָלטען דעם מסור אַז זיינע קינדער, אייניקלעך און אור־אייניקלעך, ביז צעהן דורות זאָלען ניט זיין גליידך צו אלע מענשען און קיינער פון זיי זאָל ניט שטאַרבען מיט זיין נאַטירליכען טויט. — די משפחה פון דעם מוסר איז ניט אויסגעשטאָרבען, דערצעהלט בערע זלמנ׳ס, אַן אלטער גוטער מענש פון איליע, פארקערט, נאָך איצט איז האלב שטעטעל פון די „יאָשקעס‟, — ווער טויב, ווער שטום, ווער הינקעדיג און זעלטען ווער פון זיי שטאַרבט מיט אַ נאַטירליכען טויט; עס האָט זיך געענדיגט דער טערמין פון די צעהן דורות.

די קרעטשמע איז פון דאמאָלסט אָן אויך פאַרשאָלטען. קיין קרעטשמאר לעבט דאָרטען ניט אויס די יאָהרען.

* * *

די אינקוויזיטאָרען האָבען אויסגעפונען ר׳ ברוך׳ן, וועלכער האָט גע־האָלפען דעם גר־צדק ווערען אַ איד. זיי האָבען איהם אויך געשמידט אין קייטען. זיי האָבען מיט׳ן גראַף פאָטאָצקין פיעל דעבאטירט. צוגעזאָגט איהם שענקען זיין לעבען אויב ער וועט ווערען צוריק א קריסט. נאָר עקשנות׳דיג האָט זיך דער גר־צדק אנטזאגט, ער האָט זיי אויפגעוויזען דעם הינטער קוליסען זייט פונ׳ם קאַטאָליציזם... און גערעדט פיל מיט התלבות וועגען דער גרויסקייט

פון גאָט׳ס תורה, אויפווייזענדיג אז דער מקור פון אלע רעליגיעס ליגט אין אידענטהום.

מיט זיינע שאַרפע רייד האָט ער זיי אויפגערייצט . . . און זיי האָבען ארויסגעגעבען דעם בלוטיגען דעקרעט — ביידען צו פארברענען!

* * *

אין דעם באשטימטען טאָג, אין ווילנע, בעת מען האָט דעם „גר־צדק״— גראַף פּאָטאָצקי׳ס זוהן געדארפט פארברענען מיט ר׳ ברוך׳ן — האָבען זיך א לאָז געטאָהן צום „שייטערהויפען״ מענשען פון קליין ביז גרויס און וואָס ווייטער איז מען געגאנגען, אלץ גרעסער און גרעסער האָט געוואקסען דער שטראָם פון מענשען. עס האָט זיך געבילדעט א ים פון קעפּ. דער ים האָט זיך געצויגען און געטראָגען די מענשען אזוי ווי כוואַליעס. איינס איבער׳ן אנדע־רען, אַלץ ווייטער און ווייטער, ביז מען איז געקומען צום „שייטער־הויפען״.

די יעזואיטען, אין שווארצען, האָבען געזונגען, די גלעקער האָבען גע־קלונגען, צוויי פייערען האָבען געפלאַקערט . . .

דער בישאָף האָט אויסגעלייענט דעם טויט־אורטייל אז דער יונגער גראַף פּאָטאָצקי אלכסדר וואָזניצן — קאַפּיטאן לייטענאנט פון פלאָט — ווערט פארברענט איבער דעם, ווייל ער האָט געלעסטערט און פארשעהמט די קאַ־טוילישע קירך מיט דעם וואָס ער האָט פארביטען זיין הייליגע אמונה אויף דער אידישער. און ברוך, דער איד — וואָס האָט ארויסגעהאָלפען דעם יונגען גראַף פּאָטאָצקי׳ן ווערען א איד — וועט אויך איצט באקומען זיין פסק און פארברענט ווערען.

דער בישאָף האָט געגעבען אַ באַפעל צו ארייננרופען די פאראורטיילטע און אויספילען דעם טויט־אורטייל . . .

די בליקען פון די גרויסע מאַסען מענשען האָבען זיך געווענדעט צום זייט פון די פאראורטיילטע. מיט פעסטע טריט און א שמייכעל אויף די ליפען האָבען ערשיינט אויפ׳ן „עשאַפאָט״ דער „גר־צדק — דער יונגער גראַף און ר׳ ברוך. ביידע געשמידט אין קייטען.

דער „גר־צדק״ איז געגאנגען פאָראויס — א שלאַנקע פיגור, מיט אַ שוואַרצע באָרד און פאות, מיט ברענענדיגע שוואַרצע אויגען, מיט א טרויעריגע טונקעלע גלאַט־הויטיגע שעהנקייט.

אַ טויטע שטילקייט האָט באהערשט אלעמען.

— „שמע־ישראל״ — האָבען אויסגעשריען די פאראורטיילטע און זייער

קול האָט אָפּגעהילכט גאַנץ ווייט און איבערגעריסען דעם געזאַנג פון די נזירים. אלע זיינען פאַרגאַפט און פארציטערט געווארען . . .

— „פאר דער גרויסקייט פון גאָט׳ס תורה און פאר׳ן כבוד פון אונזער אידישקייט זיינען מיר זיך מוסר־נפש על קדוש־השם״. . . האָט געקלונגען דאָס קול פון „גר־צדק״.

ווייטער האָט ער שוין ניט געקענט רעדען, ווארום דער בישאָפּ האָט זיך דערשראָקען פאר׳ן אויפרעגונג פון דעם המון . . .

דער בישאָפּ האָט געגעבען א וואונק צו די תלינים אויספיהרען דעם טויט־אורטייל . . . די תלינים האָבען דעם „גר־צדק״ און ברוך׳ן אין איין אויגענבליק אריינגעוואָרפען אין פייער . . .

עס האָט זיך געהערט קולות פון די הינטערשטע רייען אז מען זאָל אָפּ־האַלטען דעם טויט־אורטייל, ווארום די אַלטע גרעפין קומט אָן מיט אַ פּאַפּיר פון פויפּסט און דעם פוילישען קינג, אז מען זאָל דעם יונגען גראַף לאָזען לעבען; זי האָט דאָס מיט פיל מיה און מאַטערניש געקראָגען; נאָר זי האָט מיט איניגע מינוט פאַרשפעטיגט. אלעס וואָס האָט פאַסירט האָט געמאכט א שווע־רען איינדרוק אויף די מאַסען־צוהערער און אומעדיגע, זיינען זיי זיך פארנאַנ־דערגעגאנגען. אידען האָבען מורה געהאט פאר עקסצעסען און פאָגראָמען, נאָר מיט שרעק זיינען זיי אָפּגעקומען.

א איד האָט זיך פארשטעלט פאר אַ גוי און מיט מסירת־נפש איז איהם געלונגען ראַטעווען א טייל פון די אַש און ביינער פון די פארברענטע קדושים. מיט גרויס מורא און ליבשאפט הספדים און געוויין האָבען אידען מקבר געווען די קדשים אויפ׳ן אלטען בית־עולם אין ווילנע.

אויך איז דאָ א מסורה ביי די ווילנער אידען אז דער שיינקער וואָס האָט געלערענט פון אָנפאַנג אידישקייט און העברעאיש מיט די פריצים און איבער דעם זיינען זיי געווארען אידען, איז געווען ר׳ מנחם אריה ליב מוויזון: מען האָט איהם געפייניגט שרעקליך; און ער איז געטוידט געווארען דעם 3־טען יולי, 1749, ער איז געווען 70 יאָהר אלט. (ראה אוצר ישראל 8)׳

דעם קבר פון „גר־צדק״ איז גרינג צו דערקאָנען: עס איז אויף איהם אויסגעוואַקסען א בוים; אַ מאָדנעם אויסזעהן האָט דער בוים; זיינע צווייגען די אויבערשטע און די אונטערשטע, זעהען אויס ווי אַ מענש מיט הענט און מיט פיס . . . עס קוקט אויס ווי אַ טרייע מוטער האָט זיך איבערגעבויגען איבער דעם קבר פון איהר ליעב קינד, און היט איהם אָפּ, דעם טייערען קבר, טאָג און נאַכט, אז קיין בייז אויג און קיין שלעכטע האַנט זאָל איהם ניט שאַדען . . . דער קבר פון „גר־צדק״ איז ביי אידען פארהייליגט, מען באזוכט איהם זעהר אָפט טייכען טרעהרען ווערען פאַרגאָסען אויף זיין קבר, און פאַר דאָס הייליגע בילד פון „גר־צדק״ — דער מקור פון ליעבע און טרייהייט צום אי־דישען פאָלק און צו זיין אמונה.

# דאָס פינטעלע איד.

אמאָל, אין שפּאַניע, אין די צייטען פון קיסר פערדינאַנד און עליזאבעט זיינען אידען געגאנגען פאר זייער אמונה אין פייער און אין פלאַם. אויף די „שייטער־הויפענס" פלעגען זיי פארברענט ווערען לעבעדיגערהייט. איז דאָן אין הויף פון עליזאבעט געווען א באוואוסטער קאָמפּאָזיטאָר — פידעל־שפילער. ער פלעגט באצויבערען מיט זיין שפּילען טויזענטער מענשען. די קייזערין האָט איהם באַשאָטען מיט מעדאַלען, רייך און גרויס געמאכט. נאָר גיך האָט זיך אלעס געענדערט. ויהי היום, די אינקוויזיטאָרען האָבען דערגאנגען אַז דער פידעל־שפילער איז אַ איד, כאָטש ער ווייס אליין ניט דערפון . . . דאַן האָט „טארקוואמאדא" פאַרגעהאלטען דער קייזערין ווארום זי האלט א אידען אין הויף און באשיינקט איהם מיט מעדאַלען. ער האָט איהר געשראָקען אויב דער איד וועט ניט ווערען קיין „קאַטאָליק" וועט זי געהן אין גיהנום . . .

די קייזערין האָט געזאָגט אז זי וועט מאַכען פון דעם קאָמפּאָזיטאָר „אַ פרומען קאַטאָליק" . . .

די קייזערין עליזאַבעט האָט איינגעלאַדען איהר ליבלינג צו זיך; פאַר־ברייננגענדיג די צייט מיט איהם האָט זי געבעטען ער זאָל איהר דערצעהלען פון זיין יוגענט־ערינערונגען. ער האָט געזאָגט אז אלעס האָט ער פאַרגעסען פון זיין יוגענט, נאָר ער געדענקט נאָר צוויי ווערטער: „שמע־ישראל".

— דאָס איז ווערטער, באמערקט עליזאבעט, וועלכע עס שרייען אויס די פארפלוכטע אנוסים, וועלכע ווערען פארברענט אויף די „שייטערהויפענס".
— ווי עס ווייזט אויס ביסטו אויך א געבוירענער איד . . . כאָטש דו ווייסט ניט דערפון . . . זי האָט איהם גע'עצה'ט צו ווערען א „קאַטאָליק". . . . פון אָנפאנג האָט ער געמיינט אז זי לאַכט דאָס. נאָר זי האָט איהם דערקלערט אז זי מיינט ערנסט. און האָט איהם פארגעלייענט די נעמען פון זיין גאנצער אי־דישער משפחה, וועלכע די „גלחים" האָבען אויסגעפונען . . .

דער קאָמפּאָזיטאָר האָט אלעס אויסגעהערט און געווען איבעראשט, ער האָט זיך דערוואוסט אז אין זיינע אָדערען פליסט דאָס אידישע בלוט — אַ ניצוץ פון איביגער אידישקייט . . . דער נאַציאָנאַלער געפיל האָט זיך אין איהם דערוועקט. עס האָט איהם באהערשט א רוח הקדש און ער האָט געענט־פערט: — איך דאַנק דיר, קייזערין, וואָס דו האָסט מיר ענטדעקט דעם סוד אַז איך בין א „איד". איך בין שטאָלץ מיט מיין פאָלק. וואָס האָט פראָקלאָמירט צו דער וועלט אחדות־הבורא און געשאפען נביאים, פאָעטען און דענקער. און מיין אמונה וועל איך ניט פארביטען . . .

די קייזערין האָט דאָס ניט ערווארטעט, האָט אָנגעהויבען איהם איינ־צורײדען צו ווערען א קאַטאָליק, מען וועט איהם גליקליך מאכען, נאָר ווען

די גוטע רייד האָבען ניט געהאָלפען, האָט זי אָנגעהויבען מיט בייז'ן און איהם פּאָראויס געזאָגט וואָס איהם ערוואַרטעט: יסורים, שרפות — „אינקוויזיציאָן"...

איהרע רייד האָבען ניט געהאָלפען, ער האָט געזאָגט, אַז ער איז גרייט צו שטאַרבען פאַר זיין הייליגע אמונה. א איד איז ער געבוירען געוואָרען, און א איד וועט ער שטאַרבען. די קייזערין האָט געזעהן אַז זי וועט בּיי איהם גאָר־ניט אויספּיהרען, האָט זי א וואונק געטאָהן צו איהרע „מחבּלים" און איהם איבערגעגעבען אין די הענט פון „טאָרקוואמאַדאַ'ן" און געהייסען איהם מוטשע־נען צוואַנציג טעג ביז וואַנען ער וועט אָנעמען דעם קאַטוילישען גלויבען. און זי האָט געבעטען די דאָקטוירים אַז זיי זאָלען זעהן אַז ער זאָל ניט שטאַרבען אין די צוואַנציג טעג. זי האָט געהאָפּט אַז ער וועט בּייטען זיין גלויבען . . .

די ווילדע טיראַנישע אינקוויזיציע־מאַשינען האָבען אָנגעהויבען פונק־ציאָנירען, יעדען טאָג האָט מען איהם אין אַ מאַשין איינגעקוועטשט אַ ברעג פון פינגער, און אזוי לאַנג געקוועטשט ביז דער נאָגעל איז אראָפּ, און אזוי אַלע טאָג. אויף דעם לעצטען טאָג איז נאָך געוועזען איין נאָגעל פון רעכטען פוס, דעם גראָבען פינגער, און ווי מען האָט דעם פינגער אָנגעשרויפט, האָט ער נאָר אויסגעשריען „שמע ישראל", מעהר האָט ער ניט געדענקט און זיין הייליגע נשמה איז ארויס . . . די פארשטיינערטע הערצער פון די אינקוויזי־טאָרען זענען געווען גערידהרט פון אַזאַ „מאַרטירערטום".

## דער בעל־שם און דער קצב.

וועגען גרויסע פערזענליכקייטען טראָגען זיך ארום פילע לעגענדעס, וואָס מעהר דער העלד איז באריהמט אלץ מעהר לעגענדעס שפינען זיך אין זכרון פון פאָלק וועגען איהם. וועגען ר' ישראל בעל שם־טוב (בעש"ט) ווערען דערצעהלט פילע אגדות.

אין אַ דאָרף אין פוילען, האָט געוואוינט א איד אליעזר מיט זיין ווייב חנה. דער מאַן אליעזר איז געווען א ירא שמים און א גרויסער מכניס־אורח. קינדער האָבען זיי ניט געהאַט. איינמאָל האָט אליהו הנביא זיך פארשטעלט אלס אָרימאַן און איז געקומען אין א דאָרף אום שבת האלבען טאָג, אין הויז פון רבי אליעזר'ן מיט זיין שטעקען און טאָרבע, אליעזר האָט איהם ניט פאָר־געוואָרפען וואָס ער איז מחלל שבת בפרהסיה — פיין איהם אויפגענומען און איהם מכבד געווען מיט א פעטען קוגעל . . .

דער גאַסט האָט געגעסען און ניט געבענשט. אויך ניט געדאַווענט „מנחה" ו„מעריב" און האָט זיך געלייגט שלאָפען. אויף מאָרגען איז ער אויפ־געשטאַנען און זיך צוגעגרייט אין וועג אריין. אליעזר האָט איהם געגעבען אַ

נדבה און שפייז אויפ׳ן וועג און האָט איהם געוואונטשען אלעס גוטס. אליהו הנביא האָט צוגעזעהן זיין גוטע הארץ, האָט ער איהם אזוי געזאָגט: „געקומען בין איך דיר אויסצואפּרואווען, איצט זעה איך אז מיט א אמת ביסטו א רחמן, איבער דעם וועט גאָט דיר געבען א זוהן, וואָס ער וועט דערלייכטען די אויגען פון אלע אידען״. אליהו איז נעלם געווארען. עס איז פארביי א יאָהר איז געבוירען געווארען ביי איהם א זוהן און מען האָט איהם א נאָמען געגעבען „ישראל״. — ער איז געבוירען געווארען אין פּאָדאָליען, ארום יאָהר 1700, און צום באדויערען זענען זיינע עלטערען אָפּגעשטאָרבען ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. און בעלי צדקה פון שטאָדט האָבען גענומען דעם יתום אונטער זייער השגחה און האָבען איהם אָפּגעגעבען אין תלמוד־תורה. דאָס קינד פלעגט אַנטלויפען פון תלמוד־תורה אין פעלד, פלעגט זיך באהאלטען אין א הייל און ווארים דאַוונען. די לערער און די פריינט האָבען ניט פארשטאַנען אז ער האָט א טרוימערישע נאַטור און האָבען איהם גערודפט, גערופען „ווילדער אינגעל״ און מען האָט איהם פארטריבען פון תלמוד־תורה. ישראל איז צו דרייצעהן יאָהר געוואָרען אַ באהעלפער און שפעטער אַ שמש. אין דער פריה פלעגט ער צו־נויפזאמלען די קינדער אין חדר און פון אָוועגט פיהרען זיי אהיים. ער פלעגט געהן פאַראויס און זינגען שירים און די קינדערלאך פלעגען איהם נאָכזינגען. זיין ליבע צו די קינדער און צו פראָסטע מענשען אז געווען אָהן אַ ברעג. מיט זיינע גוטע רייד פלעגט ער היילען קראַנקע הערצער. ווען דער בעש״ט איז נתגלה געוואָרען האָט ער געלערענט: אז די אמת׳ע פרומקייט באשטייט ניט אין לערנען גמרא, נאָר דער עיקר איז צו האָבען גאָט אין הארצען, השתפכות הנפש און הייסע תפילות דאָס איז טייערער ווי אלץ; מען דארף דינען גאָט מתוך שמחה ניט דורך עצבות און זיך ניט פייניגען. די רבנים אין יענער צייט זענען טיף פארזונקען געווען אין זייער פלפול אין תלמוד און זיינע מפרשים, און אויפ׳ן המון עם האָבען זיי געקוקט פון אויבּ׳ן אַראָפּ מיט בטול; אָבער די זון ערשיינט פאַר׳ן המון־עם מיט׳ן אָנקום פון ר׳ ישראל בעל שם טוב פון מעזיבוז. וואָס איהם איז באַשערט געווען אָט די אלע אונצופרידענע פאַרזאַמלען ארום זיך, זיי צו געבען כלילים אין אמונה אין לעבען. אָט וועגען דעם וואונדערליכען מאן ווערען דערצעהלט וואונדערליכע מעשיות. און איינע פון זיי וועל איך איצט דערצעהלען פאר מיינע לעזער:

איידער דער בעש״ט איז נתגלה געווארען האָט ער זיך זעהר פיעל אָנגעליטען און האָט אַלץ מקבל באהבה געווען. ער פלעגט ארומשפּאצירען אין די פעלדער, טאָלען, בערג זוכענדיג גראָזען, בלומען, שטודירענדיג זיי און דערגעהן זייער קראַפט מיט וועלכע ער קאָן היילען מענשען. מפרנס געווען האָט ער זיך בקו חרובין מערב שבת לערב שבת . . . זיין פרוי פלעגט קומען צופאָהרען מיט׳ן פערד און וועגעלע און ער פלעגט איהר אָנלעגען דאָס וועגעלע מיט ליים און זי פלעגט דאָס פיהרען פארקויפען אין שטאָדט . . . קען

מען זיך פֿאָרשטעלען וואָס פֿאַר אַ לעבען זיי האָבען געקענט מאכען, איינצו־שטילען דעם הונגער, פלעגט ער באַקען אויף דער זון שטיקלעך טייג . . . מיט דאָס פלעגט ער זיך דערנערען און וואַסער טרינקען פון קוואַל מיט די פייגעלאך פון הימעל.

מענשען האָבען דאָס באמערקט, געוואָלט העלפען, נאָר ניט געהאט די העזה איהם פאַרצולייגען . . . דער בעל־שם פלעגט פאַסטען זעהר אָפט, זיין פרוי קוקענדיג אויף איהם ווי ער זיצט און לערענט, טוט איהר הנאָה און זי פאַסט אויך, אָבער קינדער ווילען ניט וויסען פון קיין הונגער, שרייען זיי, וויינען . . . דערנאָך לויפען זיי ארויס אויפ׳ן הויף שפילען, די שכנה — אַ פרומע אידענע, אַ קצב׳ס אַ ווייב — האָט אָפגעשטעלט דעם בעש״ט׳ס מיידעלע און פרעגט איהר: זאָג מיר, האָדעלע, וואָס פאר א געריכט האָסטו היינט גע־געסען?

— וואָס געגעסען, ווען געגעסען, זאָגט דאָס מיידעלע מיט טרעהרען, אפילו קיין ברויט ניטאָ צו זאָט . . .

די פרוי איז פאַרציטערט געוואָרען, אריינגערופען די קינדער צו זיך גוט אָנגעהאָדעוועט זיי, און אוועק צו איהר מאַן און דערצעהלט אז דער צדיק וואָס וואוינט לעבען זיי, הונגערט מיט זיין פאַמיליע . . .

— יע, זאָגט דער קצב, איך ווייס, מיר מוזען פאַרזיכטיג מיט איהם האַנדלען, כדי איהם ניט צו פאַרשעמען. געה אהיים מאַך אַ סעודה כיד המלך, און איך וועל איהם מיט זיין פרוי און קינדער בריינגען אויף וואַרעמעס צו אונז.

— טאָמער וועט ער ניט וועלען געהן? זאָגט זיין ווייב.

— דאָס איז מיין זאַך, טוה וואָס איך הייס דיר.

נאָכ׳ן האלבען טאָג איז געקומען דער קצב צום בעל־שם, וועלכער איז געווען פארטיפט אין א ספר. דער קצב האָט איהם געזאָגט א ברייטען „גוט־מאָרגען" און דערצעהלט אז ער איז איהם געקומען בעטען מיט זיין פרוי און קינדער אויף א שמחלה׳לע . . .

— אזוי, זאָגט דער בעל־שם אַ שמחה ביי אַ אידען איז א גרויסע מצוה, מיר וועלען קומען.

— אלע געסט זיינען אריינגעקומען אין הויז צום קצב, ממש אַ גן־עדן: דער פעמעסט (פלאָר) איז געווען באַשאָטען מיט געלע זאַמד, דער טיש איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסען טישטוך, גאָפעל, מעסערס האָבען געבלישטשעט; געשמעקט אַ ריח פון דאָס געקעכטס — מען האָט זיך געוואַשען צום עסען, געמאכט א מוציא און זיך גענומען צו דער אכילה, צו די גוטע מטעמים, וואָס די בעלת־הבית האָט דערלאנגט צום טיש. מען האָט געזאָגט תורה, געמאכט אַ שנעפסעל . . . אין מיטען דער סעודה זאָגט דער בעש״ט:

— וואָס איז ביי אייך פאַר שמחלה?

— אַז השי״ת גיט לעבען און געזונט, איז א שמחהלה, עס שטעהט דאָך געשריבען, רבי, „זה היום עשה ד׳ נגילה ונשמחה בו״. איז דאָך אלע טאָג א שמחה.

— יע, ריכטיג, זאָגט דער בעל־שם טוב, דער רבונוש״ע האָט באשאפען אַ גרויסע שעהנע וועלט און מען טאָר איהר ניט פאַרנאַכלעסיגען.

מען האָט פאַרבראַכט, אָפּגעבענשט, זאָגט דער בעל שם טוב צום קצב: „איהר האָט אונז פשוט מחיה געווען, און איך וועל אייך עפּעס זאָגען״.

— דערצעהלט, רבי, זאָגט דער קצב.

— דאָרטען און דאָרטען לעבען גרויסען וואַלד על פרשת דרכים, שטעהט אַ גרויסער דוב (דעמבע), אינעווייניג איז דער בוים פוסט (א חלל) עס קען אין איהם אריין אַ מענש דורך דער טירל, וועלכע איז פארשטעקט מיט א גריי־נעם צווייג. דער מענש וואָס ווייס ניט די סימנים קען דאָס ניט דערקאָנען. געדענקט די סימנים . . .

וואונדערט זיך דער קצב ווארום דערצעהלט ער איהם אַזאַ מעשה . . .

דער קצב האָט מיט איהם געשמועסט וועגען זיינע עסקים און איהם פאַרגעלייגט אַ גמילות־חסד. פון דאמאָלסט אָן האָט דער קצב אַכטונג געגעבען שטאַרק אַז דער „גוטער איד״ זאָל חו״ס ניט הונגערען — דערנאָך איז אוועק אַ קורצע צייט און דער בעש״ט איז נתגלה געוואָרען. און געלט האָט זיך אַ שאָט געטאָהן פון אלע זייטען, וועלכע ער פלעגט צוטיילען צווישען ארימעלייט.

דער קצב איז געווען איינער פון זיינע איבערגעבענסטע חסידים. ויהי היום איז דער קצב אַוועק דורכ׳ן וואַלד מיט פיעל געלט איינקויפען בהמות ביי די פאַרמערס. אין איין אָרט זיינען איהם די בהמות ניט געפעלען געווען איז ער אוועק צום צווייטען פאַרמער, דאָרטען אויך ניט געקויפט — די בהמות געווען מאָגערע . . . איז ער אוועק דורכ׳ן טיפען וואלד צו א דריטען פאַרמער... און ער האָט דערהערט הינטער זיך טריט פון א רייטער. אַ באַקאַנטער פויער איז צו איהם צוגעריטען און זאָגט צו איהם:

— דו ווייסט, יענקל, נאָך וואָס איך בין געקומען, דיר דערהארגענען און צונעהמען ביי דיר דאָס געלט . . .

— וואָס דארפסטו מיר דערהארגענען, נאַ דיר מיין געלט . . .

זאָגט דער קצב וועלכער האָט זיך שטאַרק דערשראָקען אָבער זיך ניט פאַרלאָרען.

— ניין, זאָגט דער פויער, דערנאָך וועסטו מיר ארויסגעבען צו דער פאָליציי, „יאָ טעביאָ אוביו״ — איך וועל דיר דערהאַרגענען — און כאַפּט ארויס אַ האק פון כאַליעווע און וויל דאָס אראָפּלאָזען אויף איהם . . .

— האַלט אָפּ! דו ווייסט דאָך, אז ביי אונז איז א מנהג צו זאָגען „וידוי״ פאַר׳ן שטאַרבען . . .

— דאַווען וויפיל דו ווילסט . . . איך וועל וואַרטען . . . ער האָט זיך אָפּגעקערט אין אַ זייט, אריינגעלעגט די האק אין כאַליעווע, און ארומגעקוקט די שעהנע נאַטור . . .

דער קצב האָט זיך אויך אָפּגעקעהרט אָן אַ אַנדער זייט און דערזעהן פאַר זיך דעם דוב, די טירעל מיט דעם פארשטעקטען צווייג. אלע סימנים וואָס דער בעל־שם טוב האָט איהם פריהער געזאָגט, האָט ער שטילערהייט געעפענט דאָס טירעל און זיך אריינגעשטופּט אין „דוב״ און פארמאַכט דאָס טירעל . . .

דער פויער איז געווען אין א גוטער שטימונג, געוואוסט אז דער קרבן וועט פון איהם ניט אוועקגעהן ער האָט באקוקט דעם גאנצען לאַנדשאפט: די וועלדער, פעלדער, בערג, טאָלען — געפייפט און געזונגען און געוואַרט ביז וואַנען יענקל וועט אָפּזאָגען „ודוי״ — אוועק אַ שטיקעל צייט, דער פויער קוקט אַרום, יענקל איז ניטאָ, ווי די ערד וואָלט איהם איינגעשלונגען . . . ער האָט זיך געזידעלט און מיט רציחה געלאָזען זיך לויפען נאָך יענקל׳ן . . .

און דער קצב ליגט אין בוים און גיסט אויס זיין ביטער הארץ פאַר גאָט: „איך ליעב ווען גאָט הערט די שטימע פון מיין געבעט. ווען ער בויגט זיין אויער צו מיר אין די טעג וואָס איך רוף איהם. ווען עס האָבען מיר ארומ־גענומען געפערליכע וועהטאָגען און העלישע שמערצען האָבען מיר געטראָפען; ווען אומגליק אָדער טרויער באַפאַלט מיר, רוף איך צו גאָט׳ס נאָמען: אָה, עוויגער, רעטע מיין זעעלע! ראַטעווע מיך פון דעם מערדער . . .

גאָט האָט דערהערט זיין געבעט. עס איז אוועק אַ קורצע צייט, איז ער ארויס פון בוים . . . ער האָט געפילט ווי א שווערער שטיין האָט זיך אראָפּגעקייקעלט פון זיין האַרצען . . . אַרום איז געווען שטיל, די זון האָט געשיינט, די פייגעלאך האָבען געזונגען שירה צו גאָט, די רמשים האָבען גע־טשוויטשערט . . . דער קצב האָט געשטעלט טריט, אַ קעהר געגעבען זיך צום וועג וואָס פיהרט צום שטאָדט און אָנגעקומען בשלום און איבערגעגעבען צו פאָליציי אַלעס וואָס איז פאַרגעקומען. דעם פויער האָט מען אויסגעפונען, ער האָט זיך מודה געווען און האָט באקומען זיין פסק.

דער איד האָט געבענשט „גמל״ וואָס ער איז ניצול געוואָרען פון טויט. און פון דאמאָלסט אָן האָט ער זיך נאָך מעהר צוגעבונדען צום בעש״ט מיט אלע פעדים פון זיין נשמה.

# דער רוף פון הימעל.

אין רעזיצע, וויטעבסקער גובערניע, זיינען געווען חסידים און מתנגדים; געצעהלטע רייכע חסידים פלעגען פאָהרען צום ליבאַוויטשער רבי׳ן אויף יום טוב. דער ליבאַוויטשער רבי איז געווען באַוואוסט און באליבט ביי אלעמען. צוויי גבירים ר׳ דוב־בער ריווע׳ס און ר׳ זלמן ריוולין פלעגען קיין מאָל ניט פאַרפעלען צו פאָהרען צום רבי׳ן אַפּאָר מאָל אַ יאָהר.

איינמאָל האָט זיך ביי ר׳ זלמן ריוולין א דרעה געטאָהן דאָס רעדעל אויף צוריק, זיינע געשעפטען זיינען אוועק זעהר שלעכט. ר׳ זלמן איז געווארען אַ יורד — אַן אָרימאַן. ער איז געפאָהרען צום רבי׳ן אויסגיסען פאַר איהם זיין ביטער הארץ. ער האָט דערצעהלט דעם רבי׳ן אז ער האָט אַ רייכע משפחה אפשר זאָל ער שרייבען צו זיי, וועלען זיי איהם העלפען, זיי זיינען גוטע מענשען.

דער רבי האָט אלעס אויסגעהערט און געזאָגט: „איך בין ניט מסכים דערצו, זאָלסט ניט שרייבען!״

דער חסיד איז אָפּגעפאָהרען אהיים מיט׳ן בטחון אַז בעה״י וועט וויי־טער ווערען גוט. אָבער ער ווערט ניט געהאָלפען בדרך הטבע און עס איז געווארען ערגער.

דער חסיד איז ווידער געפאָהרען צום רבי׳ן און עס האָט זיך איבער־גע׳חזר׳ט די זעלבע געשיכטע. דער חסיד זעהט עס איז שלעכט, ביטער: די קינדער אָפּגעריסען, אָבגעשליסען, די בלייכע ווייב אָנגעטאָהן אין טראַנטעס; פאר דער ענגער דירה, וואָס זיי האָבען געדונגען, נאָכ׳ן ארויסמנפען פון דעם אַפּאַרטמענט, איז אויך ניטאָ מיט וואָס צו באַצאָהלען.

דער חסיד איז צום דריטען מאָל געפאָהרען צום רבי׳ן און ווען דער רבי האָט ניט מסכים געווען ער זאָל שרייבען צו זיין משפחה, האָט ער געזאָגט אַז ער מוז שרייבען, ווייל קיין אנדער וועג איז ניטאָ.

דער רבי האָט גאָרניט געענטפערט. דער חסיד האָט זיך אָפּגעזעגענט און איז אָפּגעפאהרען אהיים.

ר׳ זלמן דער חסיד האָט אָנגעשריבען אַ בריוו צו זיין משפחה, אין וועל־כען ער האָט אויסגעשריבען זיין ביטערע לאַגע;

עס איז אוועק אַ קורצע צייט און עס איז איהם אָנגעקומען א בריוו מיט אַ גרויסען טשעק . . . ר׳ זלמן האָט אויפגעלעבט. דער מזל האָט איהם צוגעשפילט און די געשעפטען זיינען ווידער אוועק גוט. — עס איז אוועק אַ קורצע צייט פּלוצלונג ווערט דער יונגער מאן ר׳ זלמן קראַנק. דאַן האָט ער זיך פארטראַכט אז עסקען זיין איבער דער סיבה איז ער קראַנק, ווייל ער האָט

ניט געפאָלגט דעם רבי׳ן . . . נאָר גלייך ווי ער וועט א״ה זיך דערהוילען, וועט ער פאָהרען צום רבי׳ן זיך פארענטפערען און בעטען א רפואה. אבער ער איז שוואַך און קאָן ניט פאָהרען, און וואָס ווייטער אלץ ערגער ווערט איהם. דעריבער האָט ער געבעטען זיין גוטען פריינט ר׳ דוב־בער ריוועס, ער זאָל פאר איהם פאָהרען צום רבי׳ן. זיין חבר איז געפאָהרען אָנשטאָדט איהם, און דערצעהלט דעם רבי׳ן אלעס וואָס קומט פאָר מיט זיין חבר ר׳ זלמן ריוולין און געבעטען ער זאָל מתפלל זיין פאר איהם. דער רבי האָט געשוויגען אַ קורצע ווייל. דערנאָך האָט ער געזאָגט: „זאָלסט וויסען זיין ר׳ דוב־בער אז אַ טייל מאָל איז מען גוזר אין הימעל רח״ל אַז אַ מענש זאָל שטאַרבען. איז דאָ אַן עצה אין הימעל אז די גזרה זאָל פון דעם דאָזיגען אָפגעטאָן ווערען — איז דורך יסורים, אָבער אז ר׳ זלמן האָט אַליין אוועקגעשטופט פון זיך די יסורים, דאַן, ווען ער וואָלט געליטען די יסורי עוני — דאָס אָרימקייט און עני חשוב כמת — וואָלט ער נאָך געקאָנט לעבען, און דער צייט וואָלט זיך עפענען די שערי־רחמים און וואָלט צוריק ווערען א בעל־הבית; אָבער יעצט אז די אָרימקייט איז פון איהם אָפגעטאָן געוואָרען איז אויך זיין היות אָפגעטאָן געוואָרען . . .

דער רבי האָט זיך אָפגעזעגענט מיט ר׳ דוב־בער׳ן, וועלכער איז גע־פאָהרען אהיים און זיין חבר ר׳ זלמן — דער חולה — האָט ער שוין ניט געפונען צווישען די לעבעדיקע.

# מזל.

איז דאָ מזל אויף דער וועלט, רבותי;? וועגען דעם קלערען פילע מענשען; אפיקורסים זאָגען אז עס איז ניטאָ קיין מזל; אנדערע מענשען געהט גוט, מיסתמא זיינען זיי זעהר פעהיגע ביזנעס־לייט און דערפאר זענען זיי רייך; און אַנדערע זענען אָרים ווייל זיי זענען שלומיאל׳ס, קענען ניט האנדלען און דערצו פייל . . . פילע אויפגעקלערטע זאָגען אז דער מלוכה אַפּאַראַט איז ניט קיין ריכטיגער דערפאַר זענען דאָ פילע ארימעלייט, ווארום די רייכע פאַבריקאַנטען עקספּלואַטירען די ארבייטער . . . פאַרשידענע דעות און מיינונגען . . . נאָר אין אמת׳ן עקזיסטירט מזל, און מזל גיט דער רבונוש״ע. מיר זעהן אָפט זה עולה וזה יורד, פיל מאָל א גביר ווערט אַן אָרימאַן און א קבצן ווערט אַ גביר. דאָס איז השגחת הבורא. מען גיט מזל אַז מען איז ווערט און אַז ניט נעמט מען דאָס אָפּ צוריק. ווען דער גביר ווערט א קבצן איז נאָר איהם שווער די ערשטע נאַכט איבערצוגעוועהנען אַן אַרימאַן, דערנאָך געוויינט ער זיך איין . . .

רבי חנינא בר חמא זאָגט: „מזל מחכים, מזל מעשיר". — אז מען האָט נאָר דאָס שטיקעלע מזל, ווערט מען שוין א חכם און אן עושר.

דער אבן־עזרא האָט אויך געגלויבט אין מזל. ער זאָגט: „תחת כוכב רע נולדתי" — אונטער אַ שלעכטען שטערען בין איך געבוירען געווארען — ניט אין קיין גאָלדענע העמדעלע געבוירען געווארען, איז דערפאר איהם שלעכט און קומט אָפּ זיין וועלטעלע . . .

אלזאָ, היוצא מדברינו אלה וועל איך אייך דערצעהלען א מעשה'ע וועגען מזל. עס איז געווען אמאָל א צדיק מיט'ן נאָמען „אבימלך", ער האָט געלערענט און געדאַוועגט טאָג און נאַכט און זיך מסתפק געווען בקו חרובין מערב שבת לערב שבת. זיין ווייב איז געווען זעהר צופרידען וואָס איהר מאן איז אַזאַ צדיק, האָט זי זיך קיינמאָל ניט באקלאָגט אויף איהר שלעכטען מזל. לעבען זיי האָט געוואוינט אַן אָרימער פעדלער, דעם פעדלערס ווייב האָט באמערקט אַז אבימלך'ס ווייב האָט ניט מיט וואָס צו מאַכען שבת, האָט זי איהר געליען אַ דאלער אויף שבת. דער פעדלער ב. איז געקומען אהיים האָט איהם זיין ווייב שרה, דערצעהלט אז זי האָט געליען א דאלער צו אבימלך'ס ווייב. דער מאן האָט געזאָגט אז ער איז זעהר צופרידען מיט דעם און זי זאָל אלע פרייטאָג לייען אבימלך'ס ווייב א דאלער אויף שבת.

דער דאלער האָט געמאכט א גרויסען רעש אויפ'ן „עולם־האמת" און אַז מען האָט אויסגערופען אין הימעל: „וועמען זאָל מען געבען מזל?" איז געבליבען אז מען זאָל געבען מזל אבימלך'ס שכן ב. ווייל זיין ווייב האָט געליען אבימלך'ס ווייב א דאלער אויף שבת, ניט קוקענדיג וואָס זי איז אליין אָרעם.

פון דאמאָלסט אָן איז דעם פעדלער ב. אוועק זעהר גוט. דער מזל איז געגאנגען פאָראויס, ער האָט אין גיכען פארביטען זיין פערד און וועגעלע אויף אַ קאַר, געקויפט און פארקויפט מיט גרויס פראָפיט, מיט איין וואָרט — רייך געוואָרען . . .

איינמאָל בעת דער פעדלער איז געווען אין א גוטע שטימונג, זאָגט ער צו זיין ווייב:

— זאָג מיר, שרה, דו גיסט נאָך אלימלך'ס ווייב א דאלער אויף שבת?

— אודאי גיב איך, דו האָסט דאָך אליין געהייסען, צוליעב זייער זכות האָט אונז גאָט געהאָלפען.

— זעה, שרה, טשעפע זיך אָפּ פון די שלעפער, אַ ליידיגען זאַק קען מען ניט אָנשטאָפּען . . .

פון דאמאָלסט אָן האָט שרה אויפגעהערט טראָגען דאלערס צו אלימלך׳ן.

אוועק א קורצע צייט. דער פעדלער ב. איז געפאָהרען שנעל ווי א בליץ מיט זיין קאַר און אָנגעשטויסען זיך אָן אַ שלופּ און די קאַר האָט זיך צושמעטערט, נאָר ער איז געבליבען גאַנץ . . . נו קלערט ער זיך אָן עקסי־דענט, עס טרעפט זיך אזעלכע זאַכען. געקויפט אַ נייע קאַר. אָבער עס געהט ווייטער ניט, געקויפט סחורה פאַר א גוטען פרייז און פארקויפט ביליג, עס איז געפאלען דער מקח . . .

קומט דער פעדלער אַהיים אומעדיג און דערצעהלט צו זיין ווייב אז עס געהט איצט מיט די פוטער אראָפּ — אצבע אלקים היא . . .

— אפשר איז דאָס דערפאר, זאָגט שרה, ווייל מיר האָבען אויפגעהערט צו געבען אלימלך׳ס ווייב א דאלער אויף שבת?

— נו, געה גיב איהר.

שרה האָט געבראכט צו אלימלך׳ס ווייב דעם דאלער, נאָר זי נעמט ניט.

— גיב איהר מעהר, עצה׳ט איהר דער מאן. געפרואווט, נאָך אמאָל זי נעמט ניט.

דער פעדלער ב. מיט זיין ווייב זענען אוועק צו אלימלך׳ן און דער פעדלער זאָגט צו זיי — ווי עס ווייזט אויס זייט איהר רייך געווארען אז איהר נעמט ניט קיין געלט, נאָט אייך צעהן, א פינף־און־צוואַנציגער . . .

— ניין, זאָגט אבימלך, מיר זענען ניט רייכער געווארען ווי געוועזן, נאָר אייער געלט וועלען מיר ניט נעהמען, בעת איהר האָט געגעבען דעם דאלער אויף שבת, ניט געבעטענערהייט האָט מען אייך אויפ׳ן הימעל געגעבען מזל, ווייל איהר זייט געפעלען געווארען מיט אייער מדת הרחמנות אין דער צייט פון אייער אייגענער נויט, אבער גלייך ווי איהר האָט אויפגעהערט צו געבען האָט זיך פון אייך אָפּגעטאָהן אייער מזל און מען האָט אוועקגעגעבען צו בע־סערע מענשען . . . איצט באַלאַנגט דער גאנצער ענין צו ב״ד של מעלה . . .



# אנעקדאָטען און פאָלקס־מעשיות

## אַ בריוועל פון דער מאַמען

טייערער זוהן מיינער, אויג פון מיין קאָפּ!

אזוי ווייט ביסטו פאַרפאָהרען... זעה מיין קינד, היט אָפּ דיין געזונט! דו מיינסט, אז דו ביסט אויף דער מלחמה דאַרפסטו זיך ארויסשלאָגען פון די כחות און טאָג און נאַכט שיסען? זיי זיינען דאָך אויך מענשען... עס איז דאָך ניט קיין האָזען... אַרבייט ניט אזוי שווער... שיס און רוה זיך אָפּ; באַרוהיג זיך, טרינקט אַ גלעזעלע קאַווע, דערנאָך שיס ווייטער, וואָס זאָל מען טאָהן? ס׳איז דאָך מלחמה...

איצט איז אזוי: דיין שעהנע רחל׳ע איז ביי מיר געוועזען היינט, זי האָט געלייענט דיין בריוו צו איהר, דער אומעט איז פון איהר פאַרשוואונדען. זי האָט געטאַנצט פון פרייד... זי האָט מיך מיטגעשלעפט... און „בולדאָג״ — דיין הונט, האָט אויך נאָכגעטאַנצט... זינט דו ביסט אַוועקגעפאָהרען ווייזט דער הונט ניט קיין פרעהליכע מינוט . . . ער ליגט ווי אַ גע׳פגר׳טער און וואַרט אויף דיר . . . נאַר היינט האָט ער דערשפירט אַ פרייד ווען רחל׳ע האָט באַקומען דיין בריוו און איז אַוועק מיט אונז אַ טענצעל . . .

דו פרעגסט, מיין קינד, וועגען מיין געזונט, קען איך דיר שרייבען, אַז איך בין אַלט און קראַנק . . . עס שטעכט מיר און עס ברעכט מיר . . . ווען איך וועל אם ירצה השם דערלעבען צו שטאַרבען וואָלט איך וועלען, אַז דו זאָלסט זיין דערביי, זאָגען קדיש נאָך מיר . . . זעה מיין טייער קינד, וויפיעל איז דאָס דער שיעור צו זיין אין דער פרעמד אויפ׳ן פראָנט? פטר וואָס גיכער אָפּ. שיס אויס שנעלער אַלע דיינע פוליעס און קום צופאָהרען . . . רחל׳ע די שעהנע, די קלוגע, וואַרט אויך אויף דיר . . . זעה, מיין קינד, אייל זיך צו, וועסטו נאָך געפינען דיין מאַמען, וואָרום די כוחות געהן אויס . . .

זיי געזונט, קום וואָס שנעלער,

דיין איבערגעגעבענע מאַמע,

שיינדל.

# דער כהן.

געווען ביי עלטערען אַ צולאָזענער אינגעל, די עלטערען האָבען געהאַט פון איהם יסורים, פלוצלינג איז ער נעלם געוואָרען. נאָך דער וועלט־מלחמה האָט דער פאָטער באקומען אַ בריוו פון זיין פאַרלאָרענעם זוהן אז ער איז געזונט און אויב זיי נויטיגען זיך אין געלט וועט ער שיקען.

די פרייד איז געווען גרויס, נאָר צום באַדויערען איז די מוטער שוין ניט געווען צווישען די לעבעדיגע. דער פאָטער האָט זיך דורכגעשריבען מיט'ן זוהן און אין גיכען באַקומען אַ שיפסקאַרטע און אָפגעפאָהרען קיין אַמעריקע. דער זוהן מיט זיין ווייב און קינדער האָבען אויפגענומען דעם פאָטער מיט גרויס כבוד, איהם אָפגעגעבען אַ שעהנעם צימער אין זייער רייכער הויז, איהם שעהן אויסגעקליידעט, און ווי גרויס איז געווען דעם פאָטערס שמחה ווען זיין זוהן האָט איהם אריינגעבראכט אין שוהל לעבען זיין הויז. וואו אלע טאָג איז געווען א מנין.

איינמאָל איז געקומען אַ מאַן און געפרעגט דעם פאָטער צי איז דאָ דער שוחט, דער פאָטער האָט ניט פאַרשטאַנען אויף ועמען מען פרעגט. די שנור האָט געזאָגט, אז דער שוחט איז אין שלאַכט־הויז. אַ צווייטען מאָל האָט אַ שמש געבעטען דעם „מוהל'' אויף אַ ברית־מילה. דער זוהן האָט מיט־גענומען דעם פאָטער אויך און מען האָט דעם פאָטער מכבד געווען מיט סנדק. אַ דריטען מאָל איז געקומען א שמש און געבעטען דעם רב אויף אַ חתונה. דער זוהן האָט מיטגענומען זיין פאָטער צוצוזעהן אן אַמעריקאַנער חתונה. מען האָט דעם „ראַבאַי'ס'' פאָטער צוגעטיילט פיל כבוד.

דער פאָטער קוועלט אָן פון זיין זוהן. מיט עטליכע טעג שפעטער האָט מען איינגעלאַדען דעם רב אויף א פדיון־הבן. דער זוהן האָט אויך מיט־גענומען דעם פאָטער. מען האָט דערלאַנגט אויפ'ן טיש דאָס קינד — דער כהן איז געווען דער „רב''. נאָך דער צערעמאָניע האָט מען דעם „רב'' גוט באַפרידיגט.

דער פאָטער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטען און קומענדיג אַהיים פרעגט ער דעם זוהן: „מיין קינד — אַז פון אַ צולאָזענעם זוהן קען ווערען אַ שוחט, מוהל, חזן, רב, אין אַמעריקע — איז אלץ מעגליך, אַבער אַ כהן? איך בין דאָך ניט קיין כהן, מיין פאָטער איז אויך ניט געווען קיין כהן, היינט ווי קענסטו זיין אַ כהן?

ענטפערט דער זוהן: „ליבער טאַטע, אַזוי ווי זי איז אַן ע ר ש ט ל י נ ג אזוי בין איך אַ כהן . . .

## בּעריאָזאָוואַיאַ פּאָלקאָ.

שעיה: זאָג מיר, שמעיה, ווארום האָט מען געגעבען ווילקי׳ן
אין רוסלאנד טאָלסטאָי׳ס בעריאָזעווען שטעקען אלס
מתנה פאַר רוזוועלט׳ן?

שמעיה: וואָס פארשטעהסטו ניט, שעיה, כדי רוזוועלט זאָל אי־
בערצייגען היטלער׳ן אַז אַ שטעקען האָט צוויי עקען . . .

## ג מ ר א.

אַמאָל איז געקומען צו ראָטשילד׳ן אין פּאַריז א משולח, אַ ליטוואַק, און וויל דוקא אַז ראָטשילד זאָל איהם אויפנעהמען. האָט מען איהם געזאָגט אין אָפיס, אז דאָס איז אוממעגליך. עקשנ׳ט זיך איין דער משולח און טענה׳ט, אַז ער וועט איהם נאָר זאָגען איין וואָרט. מען האָט דאָס איבערגעגעבען ראָטשילד׳ן און מען האָט ערלויבט דעם משולח אריינצוקומען. דער משולח האָט געהאלטען וואָרט און געזאָגט — „ג מ ר א״.

ראָטשילד: וואָס מיינט דאָס?

משולח: גיב מעות ר׳ אַנשעל.

האָט ער איהם געגעבען.

—„גמרא״—שרייט ווידער אויס דער משולח.

ראָטשילד: וואָס ווייטער?

משולח: גיב מעהר ר׳ אַנשעל.

ער האָט איהם נאָך אַמאָל באַפרידיגט.

—„גמרא״—זאָגט דער משולח צום דריטען מאָהל.

ראָטשילד: וואָס ווייטער?

משולח: גיב משקה ר׳ אנשעל. . .

## ס פ י ר ה.

אַ שמש האָט זיך געוויצעלט מיט ראָטשילד׳ן, אַז וואָס ער ווייס, ווייס אפילו ניט דער געלערנטער איינשטיין.

ראָטשילד: וואָס ווייסט איהר און ער ווייס ניט?

שמש: נו, זאָל ער מיר זאָגען וועלכע ספירה געהט היינט?...

## ער וויל פארקעהרט.

אַמאָל האָט היטלער געשיקט שאַכט׳ן צו באַראָן ראָטשילד וועגען אַן הלואה. ראָטשילד האָט גלייך געפרעגט, וואָס פאַר אַ גאַראַנטיע קאָן דייטש־לאנד געבען, דארויף האָט שאַכט אזוי געענטפערט:

— מיר האָבען אין די בערג פיל גאָלד, זילבער, קופער און אנדערע מינעראלען.

ראָטשילד: און וואָס האָט איהר אויף דער ערד?

שאַכט: ווייסט איהר ניט הער באַראָן וואָס מיר האָבען? מיר האָבען היטלער'ן, געבעלס'ן און שטרייכער'ן.

ראָטשילד: יאָ, איך וואָלט אייך געבען אַ הלואָה, נאר מיט איין באַדינג: אז דאָס וואס איהר האָט אויף דער ערד, זאָל זיין אין דער ערד...

## אַ בריוועל פון אַ גרינעם.

אַ איד איז אפגעפאהרען פון אַלד־קאַנטרי קיין אמעריקע און זיין ווייב חיה איז געבליבען א „לעבעדיגע אלמנה" אויף אַ לאַנגער צייט, כאָטש ער האָט איהר געשיקט געלט מיט ליבע בריוועלאך. איינמאָל שרייבט זי איהם אריין אַ שטריינגען בריוו מיט אַ פאָדערונג, אַז ער זאָל זי אָפנעהמען נאָך אַמעריקע אָהן קיין שום תרוצים... ענטפערט ער איהר אָפּ א קורץ בריוועלע בזה הלשון: — „עפר אני בחיי, קל וחמר במתתי"...

זי פארשטעהט ניט, זי טראָגט ארום דאָס בריוועלע פון שוהל צו שוהל מען זאָל איהר דערקלעהרען וואָס דאָס מיינט. זי האָט מורא טאָמער חס ושלום איז איהר מאַן משוגע געוואָרען... עפּעס מאָדנע געשריבען... האָט זיך איינגעפונען א משכיל און ער האָט איהר בארוהיגט, אז איהר מאַן איז ביים קלאָהרען זינען... דאָס בריוועלע לייענט זיך אזוי: „עפר אני בחיי" — אין אַלד־קאַנטרי בין איך געלעגען ביי מיין חיה'ן אונטער'ן קנאַפּעל, געווען אזוי ווי ערד, „קל וחמר במתתי" — אַ פשיטה שוין ווי איך וועל אויסזעהן אַז איך וועל ארויסנעהמען מיין חיה'ן אין אמעריקע און זי וועט ווערען דאָ אַ מיסעס...

## דער צווייג (פון מדרש)

געווען א צדיק א איד וואָס איז געזעסען יומם ולילה על התורה ועל העבודה. זיין התמדה איז געווען אזוי גרויס, אז ער פלעגט ניט דער־עסען און ניט דערשלאָפען, אויסווייכען אפילו זיין שעהנע קלוגע ווייב... זומער צייט פלעגט ער זיצען אין זיין פרוכט־גאָרטען צווישען די בוימער ביי א טישעלע און מיט התלהבות, ברען און עקסטאַזש לערנען און פאַרטיפען זיך אין די הייליגע ספרים. זיין ווייב איז ניט געווען צופרידען מיט זיין דרך. זי האָט געטראַכט איהם אָפצוטאָהן אַ שפּיצעל, אז ער זאָל ווערען מענשליכער. ויהי היום האָט זי זיך שעהן פאַרפּוצט, פאַרדעקט דאָס געזיכט מיט א שלייער און אריין אין גאָרטען. זי האָט זיך ארומגעדרעהט ארום זיין טיש...

ער האָט פריהער זי ניט באמערקט, אָבער ענדליך האָט ער אויפגעהויבען זיינע אויגען און דערזעהן פאר זיך אַ שעהנהייט... זי איז אָפּגעשפּרונגען און אוועק אין אַן אַנדער אַלייע... דער תנא איז איהר נאָכגעלאָפען...

— ווער זייט איהר, שעהנע פרוי?

— איך בין רחב, אן אויסגעלאַסענע פרוי! . . . (זאָגט זי מיט א פארבי־טענער שטימע.

— קען איך זיך נעהענטער מיט אייך באַקאַנען?

— פאַרוואָס ניט, זאָגט זי, נאָר בתנאי אז דו זאָלסט מיר אָפרייסען דעם הויכען גרויסען פייכטען צווייג פון דעם בוים . . .

שנעל ווי א בליץ האָט ער ארויפגעקלעטערט אויפ׳ן בוים און אראָפּ־געריסען דעם צווייג . . .

ווען זיי האָבען זיך פאַנאַנדערגעשיידט האָט זיין געוויסען איהם אָנגע־הויבען צו פּלאָגען: סטייטש, טראַכט זיך דער תנא, וואָס איז דאָ פאָרגעקומען? וואו איז געוועזען זיין גראדער שכל... עס ליגט אין איהם א קללה פונ׳ם טייפעל! ער איז א נידעריגע באשעפעניש, די סיטרא אחרא האָט איהם ביי־געקומען . . . אָ! מיט וואס קאן ער אויסקויפען זיין חטא . . . ער האָט געריסען אויף זיך די האָר, געביסען די פינגער, געוואָלט זיך נעהמען דאָס לעבען . . . נאָר מען טאָר ניט: „המאבד עצמו לדעת אין לו חלק לעולם הבא! . . .״ געוואַלד, וואָס טוט מען? א חטא אַנטקעגען גאָט און אנטקעגען זיין ווייב . . .

ווען ער האָט זיך בארוהיגט האָט ער באשלאָסען צו דערצעהלען וועגען זיין אומגליק צו זיין ווייב. ער וועט זיך מודה ומתודה זיין פאר איהר . . . זיין בזיון וועט זיין אַן אָפּקומעניש פאַר זיינע זינד . . .

אַן איינגעקאָרטשעטער און אַ צובראָכענער איז ער אריין צו זיין ווייב און האָט ביטער געוויינט און דערצעהלט וועגען דעם גרויסען אומגליק וואָס האָט איהם געטראָפען . . . דער יוצר הרע האָט איהם גובר געוועזן . . .

— וויין ניט מיין טייערער, זאָגט איהם זיין ווייב, דו האָסט גאָר ניט געזינדיגט!

— וואָס דו לאַכסט פון מיר, שיטסט זאַלץ אויף מיינע וואונדען? . . .

— ניין, מיין טייערער, דאָס בין איך געוועזן, אָט איז דער עדות — דער צווייג!

— אזוי, אזוי, האָט ער געוויינט פון פרייד . . .

— געדענק, זאָגט איהם זיין ווייב, זיי א מענש עס, טרינק, לער׳ן מיט א מאָס תורה און אַנטלויף ניט פון דיין סחורה . . .

## אַדווערטייזמענט.

איינער האָט אדווערטייזט אין צייטונג, אז מען פארלאנגט א יונגען מאן צו ארבייטען אין א סטאָר. די איינציגע זאַך איז, אז קיין איד זאָל זיך ניט מעלדען פאַר דער שטעלע. איז איינער פון אונזערע אחינו בני ישראל, וואָס

האָט נעבאך געדארפט ארבייט, האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און איז אוועק צום בעל־הבית בעטען ארבייט. דער בעל־הבית פרעגט איהם צו וואס פאַר אַ נאַציאָנאַליטעט באַלאַנגט ער? ענטפערט ער איהם אז ער איז א גרעק.

דאַן האָט דער בעל־הבית איהם פאַרגעלייגט ארויפצוגעהן אפסטערז וואו עס ארבייט פאַר איהם א גרעק, וועט ער הערען ווי ער רעדט זיך דורך מיט איהם אויף גריכיש.

דעם אידען איז ארייַן דאָס בלוט אין די פיאַטקעס, ער איז נאָכגעגאנגען דעם בעל־הבית אין געהאקטע וואונדען. קומענדיג ארויף זעהט ער ווי א מאַן שטעהט און פרעסט. דער פרעסער באמערקענדיג דעם אידען און זעהט אין וואָס פאַר אַ לאַגע ער איז, זאָגט ער צו איהם אין מאַמע־לשון:

— „האָט איהם, דעם בעל־הבית אין דר׳ערד!"

דערהערענדיג די ווערטער, זאָגט דער בעל־הבית:

— „איך האָב אייך ביידען אין דר׳ערד". . .

# גשם ושלג.

אַמאָל איז געווען אַ וואַלד־סוחר, וואָס האָט אָפּגעקויפט ביי א פריץ אַ וואַלד און נאָכ׳ן קאָנטראקט נאָך האָט ער געמוזט אויסהאַקען ווינטער דעם וואַלד און ארויספיהרען מיט שליטענס די קלעצער פון וואַלד. איז ער אוועק־געפאָהרען צו זיין רבי׳ן מיט אַ בקשה ער זאָל מתפלל זיין עס זאָל זיין שניי . . .

— דער רבי האָט איהם מבטיח געווען אז עס וועט זיין א סך שניי דעם ווינטער, נאָר בתנאי ער זאָל איהם געבען אַ פדיון כמספר שלג (שלג באטרעפט 333).

דער וואַלד־סוחר האָט איהם אָפּגעציילט דריי הונדערט און דרייסיג־דריי רובל און איז אָפּגעפאָהרען א צופרידענער.

אויפ׳ן וועג אין א קליין שטעטעל האָט ער געטראָפען א בכבד׳יגען רבי אַן אורח. דער סוחר האָט געטראַכט אז אין צווייען איז שטאַרקער, לאָז ער אויך מתפלל זיין אז עס זאָל זיין שניי. ער האָט פאַרגעלייגט דעם רבי׳ן זיין בקשה און דער רבי האָט איהם מבטיח געווען אז עס וועט זיין א סך שניי ווינטער, דער סחר האָט דעם מאָל געהאנדעלט א מציאָה אינגאנצען האָט איהם געקאָסט צעהן רובעל.

די תפלות פון די רב׳ס האָבען ניט געהאָלפען. ווינטער איז געווען רע־גענס און בלאָטעס. דער סוחר איז בדיל הדל געוואָרען. דער וואלד־סוחר איז געקומען צו לויפען צום רבי׳ן מיט טענות: „סטייטש, רבי, איך האָב זיך מיט אייך געדונגען? איהר האָט געבעטען אַ פדיון כמספר שלג האָב איך געגעבען, ווארום איז ניט געווען קיין שניי, נאָר בלאָטעס און רעגען?

דער רבי איז געווען פארוואונדערט, היתכן, ווי קען דאָס טרעפען אַזאַ זאַך, און דער רבי פרעגט דעם וואלד־סוחר: „זאָג מיר, זוהנעלע, אפשר ביסטו געווען ביי נאָך א רב׳ן?"

דאַן האָט דער וואלד־סוחר איהם דערצעהלט אז ער איז געווען ביי נאָך א רבי׳ן און יענער האָט גענומען ביליג, נאָר צעהן רובעל.

— פארשטעהסטו מיך, זאָגט דער רבי דו ביסט אליין שולדיג, מיר האָסטו געגעבען 333 רובעל איז טאַקע געווען א פדיון כמספר „שלג״ אָבער מיט די צעהן רובעל וואָס דו האָסט געגעבען אַ צווייטען רבי׳ן האָסטו קאַליע געמאכט דעם גאנצען עסק, ווארום פון „שלג״ איז געווארען גשם . .

(גשם באטרעפט דאָך 343).

## דער פרעהליכער חסיד.

א חסיד וואָס האָט ליעב געהאט זיך צו קיבעצען, איז אריינגעפאָהרען אין אַ קליין שטעטעלע. ער האָט פאַנאַנדער געפרעגט דעם בעל־אכסניה וועגען דעם מצב און מספר פון די בעלי־הבתים פון שטאָדט. דער בעל־הבית האָט איהם דערצעהלט אז עס איז דאָ אין שטעטעל א מנין מענשען און זיי פאַרמאָגען א שוהל און א בית־הקברות.

וויצעלט זיך דער חסיד און פרעגט איהם:

— צו וואָס ביידע, אי אַ שוהל, אי אַ בית־הקברות? ממנפשך וועט פון אייך איינער הו׳ס שטאַרבען דאַרפט איהר דאָך ניט קיין שוהל, עס וועט דאָך קיין מנין ניט זיין, און אויב איהר קלערט אייביג לעבען, טאָ צו וואָס דארפט איהר א בית־הקברות? . . .

— פארשטעהט איהר ר׳ איד — האָט דער בעל־אכסניה געענטפערט:

— דעם בית־הקברות האַלטען מיר פאר אורחים . . .

## גוט-וואָך.

איז געגאנגען א משולח פון זיין היים נאָך שלש סעודות אין שוהל צו מעריב. ער האָט געפינען אויפ׳ן גאַס א גאָלדענעם פינפערעל. ער האָט די מטבע פארדעקט מיט׳ן פוס און געבליבען שטעהן אויפ׳ן אָרט. ער שטעהט אין שטעהט און ריהרט זיך ניט פון אָרט. געהט פארביי א גאָראָדאָוואָי (א פאָליצמאַן) און פרעגט: „וואָס שטעהסטו דאָ?״

— „עט—טע—מע״ — ענטפערט ער.

דער פאָליצמאַן איז געווען ניט קיין שלעכטער האָט ער איהם אָפגעלאָזען. דער איד בלייבט שטעהן און ריהרט זיך ניט פון אָרט. צוגעקומען א צווייטער פאָליצמאַן און פרעגט איהם — „וואָס שטעהסטו דאָ?״

— „ניצעגאָ״ (גאָרנישט) ענטפערט דער משולח.

דער פאָליצמאַן שטעלט זיך ניט צופרידען מיט זיין ענטפער. ער מיינט אז דער איד לאַכט פון איהם. און איז איהם מכבד מיט א פאַטש אין שטערען . . .

און אין דעם פאַטש אין שטערען איז געווען מעהר ווי גאָרנישט . . .

דער איד האָט זיך אַ צאַפּעל געטאָהן, א קוק געטאָהן אין דער הויך און דערזעהן די שטערען אין הימעל . . . האָט ער זיך פאַרנאַנדערגעשריען: „גוט וואָך, גוט וואָך". . .

אַ כאַפּ געטאָהן דעם גאָלדענעם פינפּערעל און געמאכט אַ ויברח . . .

## רבי יוסי הגלילי'ס שלעכטע פרוי.

אזוי ווי צווישען מענער זיינען דאָ גוטע און שלעכטע, אזוי איז צווישען פרויען אויך דאָ גוטע און שלעכטע. נאָר די מענער באמערקען ניט זייער אייגענע חסרונות, אָבער די חסרונות פון די פרויען זעהען זיי גוט ארויס. למשל ווענען א שפּענדערקע אַ פרוי איז דאָ אַ וויץ: איינער האָט זיך געוואונדערט אויף פרעה'ס חלום ווי קען דאָס זיין זיבען דאַרע בהמות זאָלען איינשלינגען זיבען דיקע? וואָס וואונדערסטו זיך אזוי, אָט האָב איך זיבען גרויסע ביכער פון הכנסה, זאָגט דער צווייטער, אין מיין אָפּיס, און מיין ווייב האָט א קליין ביכעלע, וואו זי פארשרייבט איהר הוצאָה, איז איהר קליינע ביכעלע שלינגט איין אלע מיינע גרויסע זיבען ביכער . . .

שלמה המלך רעדט וועגען שלעכטע פרויען און וועגען גוטע פרויען: „אדם אחד מאלף מצאתי ואשה בכל אלה לא מצאתי" (קהלת ז.) — „איין מאַן פון טויזענט האָב איך געפונען, נאָר איין פרוי צווישען אַלע, האָב איך ניט געפונען". דאָס מיינט שלמה המלך צו פאַרשטאַרקען דאָס לעבען צווישען מאַן און פרוי, אז איינע קיין רעכטע איז ניטאָ צווישען טויזענט ווייבער, כדי איט־ליכער זאָל זיך צופרידענשטעלען מיט זיינע, ניט נאָכקוקען נאָך פרעמדע, וואָ־רום א פרעמדע איז אויך ניט קיין רעכטע . . . דאַרפען די פרויען ניט ברוגז זיין אויף איהם.

אָבער ער באַגעגענט (א חוץ זיינע טויזענט פרויען), א טיפּ פרויען וואונדערליכע מיט א גוטען כאראקטער און מיט אלע מעלות, דער סימבאָל היושר והצדק — ער באַזינגט זיי און זאָגט: „אשת־חיל מי ימצא, רחק מפנינים מכרה" (משלי ל"א) — ווער קען געפינען א טוגענד־האפטע פרוי, איהר פרייז איז פיל טייערער פון פּערל —און אז א איד קומט פון שוהל נאָך קבלת שבת זינגט ער אין זיין הויז: „אשת חיל".

עס ווארפט זיך אויך דורך אין תלמוד, תנ"ך, ספרים, פילע ווערטלאך פתגמים, וועלכע זיינען זעהר בולט וועגען פרויען: „אשה רעה צרעת לבעלה" (יבמות ס"ג) — פארדאָרבענע פרוי, איז אַ פּלאָג פאר דעם מאן ביז זיין טויט... — כתוב בספר בן סירא: „אשה טובה מתנה טובה לבעלה" — א גוטע פרוי איז אַ גוטע מתנה פאר איהר מאַן — „בחיק ירא אלקים תנתן" — אָבער ניט אלע קריגען דאָס; דער מאן מוז ווערט זיין צו קריגען אַזאַ סאָרט פרוי. ער מוז זיין

א ירא שמים און מיט גוטע מדות. נאָר אין לעבען טרעפט אז אפילו צדיקים פאַלען אָפט מאָל אריין און נעהמען אן „ארורה״ אזוי ווי למשל אין ספר „נפלאות הזהר״ ווערט דערצעהלט וועגען א תנא רבי יוסי הגלילי׳ס שלעכטע פרוי, רבי יוסי הגלילי האָט געהאט א שלעכטע פרוי, זיין שוועסטערס אַ טאָכ־טער ,זי פלעגט איהם מבזה זיין פאר די תלמידים און איהם קאָכען אזעלכע געריכטען וואָס ער האָט ניט געגליכען. די תלמידים האָבען ניט געוואָלט ליידען אַזאַ פחיתת־הכבוד פון זייער רבי און ארויסגעזאָגט זייער מיינונג אז מען דארף איהר גט׳ן.

דער רבי האָט געזאָגט אז איהר כתובה איז זייער א גרויסע און ער פארמאָגט ניט אזויפיל.

איינמאָל האָט דער תנא רבי יוסי הגלילי מיט זיין חבר רבי אליעזר צוזאמען געלערענט. זיי זיינען געווען אין א גוטער שטימונג, ווארום זיי האָבען פיל געלערענט מיט הנאה. נאָכ׳ן לערנען האָט רבי יוסי הגלילי פארבעטען רבי אליעזר׳ן צו זיך אהיים פאר א מאָלצייט. ווען זיי זיינען אריין אין הויז איז רבי יוסי הגלילי׳ס ווייב געווען גאָר גלייכגילטיג צו די געסט און געקליבען זיך אוועקגעהן.

— וואָס פאר א מאכל איז דאָ אין יענעם טעפעל? פרעגט רבי יוסי הגלילי.

— אַרבעס, ענטפערט די ווייב. וואָס ער גלייכט ניט.

ווען זי האָט פאַרלאָזען דאָס הויז, האָט רבי יוסי הגלילי געפונען אין טעפעל קרעפלאך . . .

— זי האָט דאָך געזאָגט ארבעס . . . זאָגט ר׳ אליעזר.

— דאָס איז מעשה נסים: די ארבעס האָבען געבאָרען קרעפלאך . . . האָט זיך געוויצעלט רבי יוסי הגלילי.

זיי האָבען געהאט א גוטען מאָלצייט און אליין זיך באַדינט . . .

רבי אליעזר האָט פארשטאַנען וואָס פאר א סחורה מיט א גלאנץ זיין חבר האָט . . .

רבי יוסי הגלילי האָט אויסגעגאָסען פאַר זיין פריינט זיין ביטער האַרץ און באמערקט אז איהר כתובה איז אַ גרויסע . . .

רבי אליעזר האָט אויסגעהאָלפען מיט געלט זיין חבר און רבי יוסי הגלילי האָט אָפגעג׳גט זיין ווייב. די ווייב פון ר׳ יוסי הגלילי האָט חתונה געהאַט מיט׳ן היטער פון שטאָדט. אין א קורצע צייט ארום איז איהר נייער מאַן בלינד געוואָרען. זי האָט איהם געפיהרט איבער די הייזער זאַמלען נדבות, נאָר די הויז פון רבי יוסי הגלילי האָט זי אלעמאָל אויסגעמידען.

דער בלינדער האָט ביי איהר געמאנט אז זי זאָל איהם פיהרען צו רבי יוסי הגלילי, ווארום ער איז באוואוסט פאַר אַ גרויסען בעל־צדקה. זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט. ער האָט איהר געשלאָגען. מען איז צונויפגעלאָפען.

דאָס איז אלעס פארגעקומען אויף דער גאַס פון רבי יוסי הגלילי. דער תנא האָט געפרעגט וואָס איז דאָס פאַר א טומעל און ווען ער האָט זיך דערוואוסט פון אלעס וואָס עס איז געשעהן האָט ער, רבי יוסי הגלילי זיי געשטיצט און מעהר זיינען זיי שוין קיינמאָל ניט געגאנגען זאַמלען נדבות.

## אַ בריוו פון אַ חלוץ — סאָלדאַט.

מיין טייערע דבורה, אויג. פון מיין קאָפּ!

איך קען דיר שרייבען, אז איך האַלט לעצטענס אין איין לויפען אָהן אָטעם. דאָס איז ניט חלילה דערפאַר, וואָס אונזער אַרמיי אַנטלויפט פאַר'ן שונא, נאָר פאַרקערט, דער שונא לויפט אזוי שנעל פון אונזערע קלעפּ אין ליביע, אז מיר קענען איהם ניט נאָכלויפען. גאָט ווייס, אַז ראָמעל איז אַזאַ געניאַלער לויפער!

איצט רוהען מיר אין לאַגער וואָס אין מיט'ן מדבר. ס'איז דאָ ניט לאַנג־ווייליג. די קאַנאָנען קנאַלען און די עראָפּלאַנען רוישען. אָהן דעם וואָלטען מיר שוין ניט געקענט אפילו איינשלאָפען.

אין מיין מוח פּלאָנטערען זיך איצט אלערליי געדאנקען. ווי געפעלט עס דיר? אין מיט'ן דערינען פארטראָגען מיר די געדאַנקען גאָר צוריק צו אונ־זער שטעטעל ר... וואו מיר זיינען ביידע געבוירען געוואָרען. אונזער ליעב שטעטעל לאָקט, ווינקט צו מיר און רופט מיך צו זיך: געדענקסט? ווען מיר זיינען נאָך קינדער געווען האָבען מיר זיך געשפּילט אויפ'ן זאַמדיגען ברעג־טייך, געבויט הייזקעלאך און קרעפּאָסטען (פעסטונגען) פון זאַמד דערנאָך גע־מאַכט אן אַטאַקע און מיט קינדערשען ברען זיך ארויפגעוואָרפען אויף זיי און פאַרניכטעט. אָט פונקט אזוי פיהרט זיך אויף דער גאַנצער וועלט. פריהער בויט מען און נאָכדעם פארניכטעט מען וואָס מען האָט געבויט.

יאָ, בין איך הייסט עס צוריק אין אונזער שטעטעל. אָט גאָה איך מיט מיינע חברים צום „צעווענער קוואַל", אויף וועלכען מען זאָגט, אז זיין וואַסער איז א רפואה צו די אויגען. פון דאָרטען לאָזען מיר זיך ארונטער אין טאָל און באַהאַלטען זיך צווישען דעם הויכען קאָרן זיך רופענדיג פון צווישען דער באהעלטעניש: הו־האָ! — וואו ביזטו?! און דער ווידערקלאַנג ענטפערט מיט די זעלבע אויסגעשרייען. מיר בלאָנדזשען צווישען דער שטייגענדיגער תבואה אַ לאַנגע צייט ביז מיר געפינען זיך איינע די אנדערע אויס און דערנאָך אַלע איניינעם היידאַ זיך באָדען און קריסטאָלענעם טייכעל, לעבען וואַלד, קייקלען זיך אין דעם הייסען זאַמד, פאַרמעסטען זיך ווער עס וועט אריבערשווימען דעם טייך און וויפיל „בלינעס" איטליכער פון אונז וועט מאַכען מיט א ליימע־נעם שערבעל, ווי ליעב דאָס אלץ איז געווען! גאָלדענע יוגענט־טעג, זוניגע ליכטיגע טעג, וואָס זיינען אוועק מעהר ניט צוריקצוקומען . . .

עס דערמאָנט זיך אויך, געדענקסט טייערע מיינע, ווען מיר האָבען זיך צום ערשטען מאָל פאראינטערעסירט מיט די אידעאַלען פון תחית הלאום און מיט יוגענט ברען זיך ארייגעוואָרפען אין דער „החלוץ״ באַוועגונג. דו האָסט באקומען דעם צונאָמען דבורה הנביאָה און מיך האָט מען באטיטעלט אַלס „מבשר״. איינער וואָס זאָגט אָן — אַז די גאולה קומט . . . מיר האָבען באַשטימט צו פאָהרען קיין ארץ ישראל און זיך צוגערייט צו זיין חלוצים, צו אונזער פרייד איז ניט געווען קיין גרעניץ ווען אונזער גרופע חברים און חברות זיינען אָפּגעפּהרען צו אונזער ארץ אבות — צו אונזער לאַנד, וואו עס שוועבען אַרום די נשמות הקדושות פון אונזערע אָבות, נביאים און פּאָעטען.

זייענדיג אין „ארץ ישראל״ האָבען מיר זיך צופרידענגעשטעלט מיט אַ שטיקעל ברויט און אַן אוגערקע אָדער אַ ציבעלע אַבי צו קענען זיך נוצליך מאַכען. מיר האָבען זיך געווידמעט צום לאַנד מיט אלע קרעפטען. מיר האָבען געאַרבייט אין אַ קיבוץ, געמאכט שאָסייען, געגראָבען ברונימער, געהאַקט שטיינער, געמישט צעמענט. מיר פלעגען פארטיידיגען אידישע פעלדער און וויינגערטנער, שייער׳ן און בהמות געגען בעדואינישע רויבער, גנבים אָדער אָנפאלער.

דאָס איז אלץ געווען איידער איך האָב זיך אָנגעגעבען אַלס פרייוויליגער סאָלדאַט. פאַר מיין אָפּפאָהרען צום פראָנט האבען מיר חתונה געהאט. חז״ל זאָגען דאָך: „ בן שמונה עשרה לחופה״ — נו, האָבען מיר מקיים געווען . . . נאַר, ליבע דבורה, איך האָב ניט געהאנדעלט ריכטיג, די חתונה האָב איך געדאַרפט אָפּלעגען ביז נאָך דער מלחמה און דאָס מוטשעט מיך. אין כי תצא ווערט געשריבען: „מי אשר בנה בית חדש, אשר נטע כרם, אשר ארש אשה — ילך וישוב לביתו — ווער עס האָט געבויט אַ נייע הויז, פאַרפלאַנצט אַ וויינגאָרטען, פאַר׳קנסט אַ פרוי, זאָל ער זיך צוריקקערען צו זיין הויז. נו, איך האָב דאָך פאר׳קנס׳ט אַ פרוי . . . זאָל איך זיך צוריקקערען צו דיר ? . . . . צו מיינע עלטערען ? . . . ניין, הונדערט מאָל ניין! טייערע מיינע! דער פסוק רעדט דאָ וועגען א מלחמה, וואָס ווערט פארפירט פון דער מלוכה קעגען א צווייטע צוליב עקאָנאָמישע אָדער פאָליטישע עראָבערונגען. אָבער דאָ ביי אונז איז איצט א „מלחמת מגן״. אָבער ניט „מלחמת רשות״ — דאָס הייסט: אַ פאַרטיידיגונגס קאַמף, דער שרעקליכער שונא ישראל און שונא עולם איז אונז באַפאַלען און וויל פאַרכאַפּען און אונטערדריקען די גאנצע וועלט. אלזאָ איז דאָס א „מלחמת מצוה״, א הייליגער קאַמף. און דער דין איז אזוי: „במלחמת מצוה הכל יוצאין, אפילו חתן מחדרו וכלה מחופתה״ (סוטה מ׳ד ע׳ב). אין אַ פארטיידיגונגס קאַמף מוזען אלע געהן. אפילו א חתן פון זיין צימער און א כלה פון אונטער דער חופה — אלע איינינעם צו ראַטעווען אונזער לאַנד, וואָס שטעהט אין געפאַר.

און איך ווייס מיין טייערע, אז דו טראַכסט דאָס זעלבע וואָס איך, וואָרום דו האָסט זיך אויך אָנגעגעבען פאר א נוירס, נאָר איין זאַך עגבערט מיר

מיין מוח און עס גיט מיר ניט קיין רוה: ווען וועלן מיר כאָטש קומען צו דער „גאולה״?

עס דערמאָנט זיך מיר א מעשה׳לע, וואָס איז פארגעקומען אמאָל אין רוס־לאַנד, אין א קליין פארוואָרפען שטעטעלע: די מענער האָבען דאמאָלסט ווינ־ציג געטאָן אין געשעפט, די גאנצע ארבייט פלעגט ליגען אויף דער פרוי. זי פלעגט זיין דער מפרנס, און ער — דער בטלן. איינמאָל האָט א פרוי מיט׳ן נאָמען שרה וואָס פלעגט איהר לעבענס־מיטעל ציהען פון בייגעל באַקען, זאָגט צו איהר מאַן: „שמואליק, מאַרגען מוזטו מיר העלפען פארקויפען די בייגעל, ווארום עס זיינען אָנגעקומען נעכטען אָוועגט קאָזאַקען.״

„אודאי וועל איך דיר העלפען פארקויפען די בייגעל און דערפאר וועל איך דאַווענען ותיקים״ — ענטפערט איהר דער מאַן שמואליק.

אין דערפריה האָט די פרוי שרה ארויסגענומען די הייסע בייגעל פון אויוועָן, אָנגעלאָדען דעם מאַן מיט צוויי גרויסע קאָשיקעס. שמואליק האָט פאַרקאָמט די באָרד, ארומגעבונדען די גרויסע זשופּיצע מיט א גארטעל, גענו־מען די צוויי קאָשיקעס מיט בייגעל און אוועק צו די קאָזאַקען פארקויפען. גלייך ווי די קאָזאַקען האָבען דערזעהן דעם פאַרשוין, האָבען זיי אויסגעשאָסען אַ געלעכטער און זיך אַ לאָז געטאָן צו די בייגעל און צוכאַפּט, ניט באצאָלענדיג דערפאַר.

שמואליק איז געקומען אהיים א פארסאַפּעטער און זאָגט צו זיין פרוי:

— שרה, איך חלש עסען!

— געה וואַש זיך, עס איז אלעס געגרייט צום טיש.

שמואליק האָט זיך געוואשען און געמאכט א מוציא. זאָגט זיין ווייב, שרה צו איהם:

— דו האָסט עפּעס צו שנעל פארקויפט די בייגעל, וואו איז דאָס געלט?

— וואָס פאַראַ געלט? — זאָגט ער, זיי האָבען די בייגעל צעכאַפּט אָהן געלט . . .

— איצט זעה איך, שמואליק — זאָגט שרה — אז דו ביזט דער ריכטיגער בטלן, מילא צעכאַפּט — דערויף זיינען זיי דאָך קאָזאַקען . . . אָבער וואָרום ביזטו געקומען א הונגעריגער? אַלע האָבען געכאפּט, האָסטו דאָך אויך געקענט כאַפּען ! . . .

מיט איין וואָרט, מיין טייערע, אלע פעלקער וואָס קעמפען איצט אנטקע־גען שונא וועלען נאָך דער מלחמה אויפגעריכט ווערען און אריינכאַפּען זעלבסט־שטענדיגקייט און מיר אידען וואָס פארגיסען אונזער בלוט אויף אלע שלאַכט־פעלדער דארפען זעהן אויך אונזער דערלייזונג — דורך אריינכאַפּען. אלע וועלען כאַפּען, טאָ דאַרפען מיר אויך אריינכאַפּען און ניט זיין ווי יענער שלימזל.

דיין אייביגער טרייער מאַן,

„ה מ ב ש ר״

## הכנסת - אורחים.

אַמאָל איז געפאהרען דער ריזינער צדיק מיט זיינע חסידים און שמש זאַמלען געלט פאר פדיון־שבוים. מיט גרויסע נדבות פלעגען זיך אויסצייכ־נען די רייכערע אַרענדאַטאָרס, קרעטשמערס, האָלץ־סוחרים.

איינמאָל האָט אַ רייכער ארענדאַטאר באמערקט אַז דער רבּי מיט זיין סוויטע פאָהרען אָן. האָט ער פאַרשטאַנען אז עס שמעקט מיט א גרויסע פייטיקע . . . האָט ער זיך געכאַפּט אויף אַ שפּיצעל און זאָגט צו זיין ווייב אַז זי זאָל זאָגען אַז ער איז ניטאָ אין דער היים . . . אַליין האָט האָט ער זיך באַהאַלטען אויפ׳ן בוידעם אין די היי . . .

דער ריזינער צדיק מיט זיינע העלפער זיינען אריין אין הויז, זיך באַגריסט, און געפרעגט וועגען בעל־הבית.

די ווייב זאָגט ער איז אָפּגעפאָהרען וועגען ביזנעס, מען איז רק פאר־שמאַיעט . . . קיין שום מנוחה ניטאָ . . .

דער ריזינער צדיק האָט פאַרשטאַנען נאָך איהרע רייד נאָך אז דער בעל־הבית איז יאָ דאָ.

דער ריזינער האָט א וואונק געטאָן צום שמש . . . דער שמש האָט אויסגענורעט אלע לעכער און האָט דעם בעל־הבית אויסגעפונען אויפ׳ן בוי־דעם אונטער די היי . . . מען האָט איהם געבראַכט פאר׳ן ריזינער, זאָגט דער צדיק:— „ביז היינט האָב איך ניט פאַרשטאַנען די גמרא וואָס זאָגט: גדולה הכנסת־אורחים יותר מקבלת פני השכינה״ — וואס הייסט אויפנעהמען אַ גאַסט איז גרעסער ווי אויפצונעהמען די שכינה? — נאָר ביי קבלת פני השכינה שטעהט: „ויסתר משה את פניו כי ירא מהביט אל ד׳״ — און משה האָט פארבאָרגען זיין געזיכט ווייל ער האָט זיך געשראָקען צוקוקען אויף גאָט — משה רבנו האָט מעהר ניט ווי זיין געזיכט באַהאַלטען און דאָ ביי הכנסת־אורחים האָט זיך דער ארענדאַטאָר אינגאנצען באַהאַלטען אין די היי... פאַר דערפאַר איז הכנסת־אורחים גרעסער . . .

## אנא ד׳ הושיעה נאָ.

ר׳ איצעלע זצ״ל דער צדיק, הרב מרעזיצע, פלך וויטעבסק, האָט ניט געגליכען אז אידען פאָהרען אָפּ נאָך אמעריקע, ווייל נאָך זיין מיינונג איז מען דאָרטען ניט פרום. קומט אָ איד צו ר׳ איצל׳ן און בעט ביי איהם א ברכה ווארום אָהן דעם רבי׳נס וואונטש האָט ער מורא זיך צו לאָזען אין אזא ווייטען וועג.

— האָט איהר דאָ פּרנסה, ר׳ חיים? פרעגט איהם דער רב.

— יע, רבי, איך האָב הייזער און געשעפטען ב״ה, נאָר מען זאָגט אז אין אמעריקע שעפּט מען מיט לאָפּעטעס גאָלד . . .

— נו, זאָג איך אייך איהר זאָלט ניט פאָהרען.

אויף מאָרגען קומט אַ צווייטער איד ר׳ דלפן, אַ פאַר׳חשכ׳טער, און בעט ביים רבי׳ן ברכת־הפרידה, ער פאָהרט נאָך אַמעריקע.

— מאַכט איהר דאָ אַ לעבען, ר׳ דלפן? פרעגט ר׳ איצעלע.

— אָ, ניין, רבי, זיפצט זיך אָפּ דער איד, איך בין אַ דלפן שבדלפנים אין זיבען פאָלעס, איך וואַרף זיך, רבי, ווי אַ פיש אין וואַסער, עס איז ביטער ווי דער טויט, גאָט זאָל א רחמנות האָבען.

—מיט וואָס וועט איהר פאָהרען אין אמעריקע ?

—מיינע קינדער האָבען מיר צוגעשיקט א שיפסקאַרטע.

— פאָהרט לחיים ולשלום, זייט מצליח, איהר זאָלט דאָרטען זיין אַן אָרענטליכער איד.

ר׳ חיים דער גביר האָט זיך מתקנא געווען אָן דלפנ׳ען וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען צו קריגען די ברכה פון רב און איז ווייטער אוועק צו ר׳ איצל׳ן.

— מיט אַ פאָר טעג צוריק ביסטו דאָך געווען ביי מיר, וואס ווייטער? פרעגט איהם ר׳ איצעלע.

—רבי, איך מוז פאָהרען, גיט מיר אייער ברכה אויפ׳ן וועג אזוי, ווי איהר האָט געגעבען דלפנ׳ען, זאָגט ר׳ חיים.

— הער, זוהנעלע, זאָגט איהם ר׳ איצעלע, בעת אידען בענטשען אתרוג סוכות איז ביי ,,אָנאָ ד׳ הושיעה נאָ״ שאָקעלט מען מיט׳ן אתרוג לימין ולשמאל, למעלה ולמטה וכ׳ נאָכ׳ן דין נאָך, אָבער ביי ,,אָנאָ ד׳ הצליחה נאָ״ שאָקעלט מען ניט מיט׳ן אתרוג. ר׳ דלפן האַלט ביי ,,אָנאָ ד׳ הושיעה נאָ״ מוז ער נעבאך שאָקלען מיט׳ן אתרוג, זיין נע ונד — וואַלגערען זיך ביז וואַנען גאָט וועט איהם צו שיקען א ישועה׳לע. אָבער איהר ר׳ חיים, האַלט דאָך ביי ,,אָנאָ ד׳ הצליחה נאָ״ — שאָקעלט מען ניט ביי דעם מיט׳ן אתרוג. — אייך פעלט דאָ אויך גאָרנישט טאָ צו וואס צו זיין נע ונד און פארשוואַרצט ווערען? ,,אשרי יושבי ביתך״ !

נאָך די קלוגע רייד איז חיים פארבליבען א צופרידענער אין דער היים.

## די וואַלינקעס.

פון מיין זיידען, דעם צדיק זי״ע ר׳ איצעלע ציוני מרעזיצא, פלך ווי־טעבסק, האָבען געהאלטען סיי אידען און סיי קריסטען. ער איז געווען באַ־ליבט ביי אַלעמען. כאָטש דער גרויסער ענו איז ניט געווען צופרידען אז

מען פלעגט אַיהם האַלטען פאַר אַ גוטען איד. דער זיידע פלעגט תמיד זאָגען: וואָס געהן זיי צו מיר, וואָס בין איך אַ גוטער איד ? . . .

איינמאָל, געדענק איך, איז געקומען צו איהם א קריסטין — אַ סטאַר־קיפּערס אַ ווייב, — זי האָט יאָמערליך געוויינט און געשריען:

— „רבי, ספּאַסאַי, מאַי מוזש אומיראַיעט"!

דער זיידע האָט ניט פאַרשטאַנען קיין רוסיש, פרעגט ער מיר: וואָס וויל די ערעלטע? — האָב איך איהם דערקלעהרט: „זי זאָגט אז איהר, זיידע, זאָלט ראַטעווען, איהר מאַן שטאַרבט אָפּ!"

דער זיידע האָט מיר געזאָגט — זאָג איהר, דער ערעלטע, אז איהר מאַן בעה"י וועט געזונט ווערען, זאָל ער אין טאָג פון זיין טאַטענס יאָהרצייט געבען צדקה גלייך סיי צו קריסטען און סיי להבדיל צו אידען.

איך, אלס מליץ, האָב פאַר דער גויע איבערזעצט וואָס דער זיידע האָט געזאָגט: די גויע האָט אויפגעלעבט, באַדאַנקט און צוגעזאָגט זיין גוט און פרום און איז אוועק אַהיים.

גאָט האָט געטאָן א נס און דער פויער איז געזונט געוואָרען. ער האָט אָפּגעהיט זיין ווייב'ס צוזאָג צו דעם רבי'ן. פילע יאָהרען, ווינטער אין אַ באַשטימטען טאָג פון זיין פאָטערס יאָהרצייט פלעגט שטעהן א גרויסע לאַין ארימעלייט לעבען זיין סטאָר און דער פויער פלעגט טיילען גלייך סיי צו קריסטען און סיי צו אידען — וואַלינקעס.

## דער מגיד און דער שניידער.

אין אַלדקאַנטרי אין א קליין שטעטעל איז געווען א שניידער ירוחם, וועלכער האָט זיך קונה שם געווען מיט זיין נייען „זשופּעציס" — דער מגיד פון שטעטעל האָט באַשטעלט ביי איהם אויך אַ זשופּעצע. עס איז אריבער א היבשע צייט און ער ברייננגט ניט אָפּ דעם מגיד די זשופּעצע. קומט דער מגיד זיך אויס׳טענה׳ען מיט איהם:

— ר׳ ירוחם, היתכן, וואָס איז מיט אייך . . . די זשופּעצע . . . אזאַ לאַנגע צייט ? ! . . .

— ר׳ מגיד, ענטפערט דער שניידער, האָט קיין יסורים ניט, וואָס איך וועל איהר מעהר נייען, וועט זי זיין שטאַרקער . . .

— געוואַלד, ר׳ ירוחם, זאָגט דער מגיד, דער רבונוש"ע האָט באַשאַפען א שעהנע וועלט אין זעקס טעג און איהר קענט ניט באַשאַפען א זשופּיצע אין זעקס חדשים ? ! . . .

— יאָ, ר׳ מגיד, ענטפערט דער שניידער, טאַקע דערפאַר האָט אזאַ פּנים די וועלט, וואָס זי האַלט זיך אין איין רייסען . . .

# דער קיסר, פּויפּסט און וואסער־טרעגער.

געווען א מלך אַן אוהב ישראל און דער פויפסט — אַ שונא ישראל. דער מלך האָט זיך געוואָלט פאַר׳ן פויפּסט מתודה זיין זיך אויף זיינע זינד, זאָגט דער פּויפּסט צום קיסר:

— איך האָב ניט קיין אָרט פאַר דיינע עבירות;

— וואָס פאַר עבירות האָב איך געטאָהן? פרעגט איהם דער קיסר.

— די אידען האָבען אונזער גאָט אומגעבראַכט, דו פאַרפאָלגסט זיי ניט, און דו גיסט צו די אידען אַלע רעכט נאָך מעהר ווי צו די קריסטען.

— די רוימער זיינען שולדיג אין אומברייננגען — אָבער ניט די אידען! ענטפערט דער מלך.

— איך געה ניט אריין מיט דיר אין וכוחים... ענטפערט דער פויפסט.

— געפין אַן אָרט אויף מיינע עבירות, זאָגט דער קיסר, און איך גיב דיר מיין וואָרט אז איך וועל אריינרופען א אידען פון גאַס, וואָס וועט ארויס־געהן דער ערשטער אין דער פריה, דו וועסט מיט איהם האָבען א וכוח אויב דו וועסט איהם מנצח זיין, גיב איך דיר מיין וואָרט אז דו וועסט מיר ארויס־געבען א צעטעל וואָס פאר גזרות איך זאָל ארויפלייגען אויף די אידען וועל איך דאָס טאָהן.

דער פויפסט האָט זיך צופרידענגעשטעלט מיט׳ן קיסר׳ס צוזאָג און האָט איהם מכפר געווען אויף זיינע עבירות.

דער קיסר האָט באַפעלען גלייך ווי עס וועט אָנהויבען צו טאָגען, וואָס פאַר אַ איד עס וועט זיך ארויסווייזען אויפ׳ן גאַס דער ערשטער, זאָל מען איהם בריינגען צום קיסר אין הויף אריין. די פּאָליציי האָט לאַנג גע־וואַרט און געפּאַקט דעם ערשטען אַ וואַסער־פיהרער. דער איד איז געווען אַ בן חמשים, אַ קורצער און אַ דיקער, מיט אַ פּאָר שוואַרצע אויגען און אַ ברייטען שטערן; אָנגעטאָן מיט גרויסע שטיוועל, מיט א צוריסענעם פעלצל, ארומגעגארטעלט מיט א שטריק. זיין קאָפּ איז געווען פול מיט פעדערען מחמת דער קושען איז געווען צוריסען; אויף וועלכען ער איז געשלאָפען . . .

דער וואַסער־פיהרער האָט געציטערט ווי אַ בלאַט . . . ווען מען האָט איהם געזאָגט אז ער דארף זיך שטעלען פאַר׳ן קיסר . . . ער האָט גע־טענה׳ט אז ער איז אַן אומוויסענדער מענש, ער קען ניט ריידען פאַר׳ן קיסר. די פּאָליציי האָט ניט געקוקט אויף קיינע גליקען און גענומען איהם מיט גוואַלד צום קיסר, ער האָט געוויינט, געבעטען זיך, קיין זאַך האָט ניט גע־האָלפען . . .

דער פויפסט איז געקומען גאַנץ פריה צום קיסר מסתמא איז דאָ אַ איד. מען האָט אריינגעפירט דעם איד׳ל צום קיסר.

— ווער ביסטו ? פרעגט איהם דער פויפסט.

— אַ איד.

— וואָס איז דיין מלאָכה ?

— אַ וואַסער־פיהרער.

— האָסטו אַ גרויסע פאַמיליע ?

— אַ ווייב מיט נייען קינדער און דאָס צעהנטע דאַרף קומען . . .

איך בין א פראָסטער מענש, איך ווייס ניט דיין טיטול ווי דיר אָנצו־רופען, איך וועל דיר רופען פריץ . . .

— רוף מיך, פריץ, זאָגט דער פויפסט, הער איד, שמד זיך! וועל איך דיר געבען א אימעניע, וועסט ווערען אַ פאָמעשטשיק !

— איך קען מיין טאַטענס צואה נישט ברעכען ! ענטפערט דער וואַ־סער־פיהרער.

— וואָס פאַר אַ צואה האָט דער טאַטע דיר געלאָזען ?

— דער איד האָט איהם אָנגעהויבען אויסרעכענען זיין יחוס, דער זיידע מיינער איז געוועז א וואַסער־פיהרער; ביי די עלטערע יאָהרען האָט מיין זיידע איבערגעגעבען דעם מסחר צו מיין טאַטען; אז מיין טאַטע איז געוואָרען שוואַך צו טראָגען די עמערס וואַסער האָט דער טאַטע מיך אריינ־גערופען און געזאָגט: איך בין שוין שוואַך צו ארבייטען, גיב איך דיר איבער מיינע געשעפטען און ווינש דיר צו האָבען פרנסה מפרנס צו זיין דיין פאַ־מיליע. נאָר איין זאך זאָג איך דיר אָן מיין זוהן, זאָלסט געדענקען אז דאָס פערדעל וועט ווערען שוואַך זאָלסטו איהם ארויספיהרען אויפ׳ן יריד און זאָלסט דאָס פארבייטען אויף אַן אַנדער פערד, נאָר דו, זוהן מיינער, געדענק, טאָמער וועט מען וועלען ביי דיר צוגאָב זאָלסטו זיך בייטען. נאָר טאָמער וועט מען וועלען דיר צוגעבען, זאָלסטו אנטלויפען און ניט וועלעןריידען מיט יענעם, ווייל יענעמס פערד איז נאָך ערגער פון דיינעם. היינט ווי אזוי קען איך פארבייטען מיין אמונה אז דו גיסט מיר צו אזאַ גרויסען צוגאָב, איז דאָך א סימן אז דיין אמונה איז דאָך ערגער פון מיינער. היינט ווי אזוי קען איך דאָס טאָהן ? —

דער פויפסט האָט ניט געהאט וואָס צו ענטפערען . . . ער האָט זיך געווענדעט צום קיסר און געזאָגט: קיסר, אַז דו ליבסט אידען ביזטו גערעכט, ווען אַזאַ פראָסטער מענש האָט מיר געקענט פאַרדרייען דעם קאָפּ און באַ־זיגען . . .

## דער זיווג.

אין דער ישיבה ר. זיינען געזעסען די ישיבה בחורים און האָבען גע־לערענט מיט גרויס התמדה. איז אריין דער רב, וואָס ער איז אויך געווען דער ראש הישיבה און זיך געווענדעט צו איינעם פון די בחורים און אַ זאָג געטאָן צו איהם:

— זוהנעלע, בן שמנה עשרה לחופה! געה זוך אויף א כלה.

— וואוהין זאָל איך געהן זוכען, רבי ?

— אַז מען זוכט געפינט מען . . .

דער ישיבה בחור האָט פאַרמאַכט די גמרא און אוועק זוכען א כלה . . . ער האָט געוואַנדערט ארום שטעטעל ביז וואַנען ער איז אָנגעקומען צו א גרויסער הויז פון אַן אַרענדאר, וועלכער איז געווען א איד אן עשר. ביי איהם איז געווען א הויז מכל טוב. מיט פיל משרתים. דער אַרענדאַר איז געווען פון דעם רב׳ס חסידים. געהאַט האָט ער אַ שעהנע בת־יחידה מיט׳ן נאָמען דינה. זי איז געווען איידעל אויפגעצויגען און נאָכגעגעבען . . .

בעת דער ישיבה בחור איז אָנגעקומען איז דער ארענדאר מיט זיין ווייב ניט געווען אין הויז. זיי האָבען אָפגערייזט אויף עטליכע טעג. דער ישיבה בחור איז אריין אין הויז. חברה משרתים האָבען דערזעהן דעם פאַר־שוין מיט די לאנגע קאַפּאָטע און פאות . . . האָבען זיי אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער . . . א לאָז געטאָן זיך צו איהם, אָפגעגעבען „שלום" און געפרעגט וואוהין פאָהרט א איד? דער ישיבה בחור האָט זיי דערצעהלט בתמימות, אז ער פאָהרט אויפזוכען א כלה . . . אזוי האָט איהם זיין רבי געהייסען . . .

— כא, כא, כא, האָבען געלאַכט חברה לצים, אַי, א יאָלד . . . זיי האָ־בען זיך געהאלטען פאַר די זייטען פון געלעכטער .. . .

— שאַ, שרייט איינער אויס, איך האָב פאר דיר א כלה — א שעהנע קלוגע מיידעל!

— טאַקע אויסגעצייכענט, זאָגט דער בחור.

חברה לצים האָבען געוואָלט אז דינה׳לע זאָל אויך האָבען שפּאַס, האָט איינ׳ר א געשריי געטאָן: דינה׳לע, געה גיכער אראָפּ, עס איז געקומען א לעקיש . . . ער זוכט א כלה . . . דינה׳לע איז געשווינד אראָפּגעלאָפען פון אפסטערז און אָנגעקוקט דעם פרעמדען . . .

— נו, זאָגען די משרתים־לצים צו בחור, געפעלט דיר די בתולה ? . .

— אָ, יאָ, ענטפערט דער בחור, א גאנץ שעהנע מיידעל . . .

— אזוי, זאָגט דינה, איך געפעל דיר אויף אן אמת ?

— יאָ, אודאי אויף אן אמת.

— דו וועסט מיר נעהמען אָהן נדן ?

— איך דארף קיין געלט ניט, איך דארף נאָר די סחורה.

כאַ, כאַ, כאַ, פאַלען פון געלעכטער די ארומיגע . . .

אויב אזוי, האָט אַ זאָג געטאָן דער מענעדזשער, לאָמיר אָפּשטעלען אַ חופה מיט מזל . . .

חברה האָבען זיך א נעהם געטאָן צו דער ארבייט, עס האָט געקאָכט

ביי זיי אונטער די הענט, מען האָט גענומען פיר שטעקענס צונויפגעבונדען מיט א טישטוך און געמאכט א ריכטיגע חופה . . . אוועקגעשטעלט אונ־טער דער חופה חתן כלה. דער חתן האָט געהאט בירושה פון זיין מאַמען א גאָלדענעם פינגערעל, האָט ער איהר מיט דער פינגערעל מקדש געווען . . . דער מענעדזשער איז געווען דער „מסדר קדושין", דער חתן האָט צובראָכען אַ גלאָז . . . מען האָט געטרונקען, גע'שכור'ט, געטאַנצט, זיך משמח געווען ווי אויף אן אמת'ע חתונה . . .

(איך מוז באמערקען אז די מענשען זיינען געווען פּראָסטע און האָ־בען ניט געוואוסט דעם דין אז מיט'ן מקדש זיין דינה'ן איז זי דאָס ווייבל פון ישיבה בחור).

נאָר מיט אַמאָל איז די גאנצע שמחה פארשטערט געווארען . . . דער בעל־הבית מיט דער בעלת־הבית זיינען אָנגעקומען און האָבען דער־זעהן וואָס עס קומט פאָר . . . דער בעל־הבית האָט פאַרשטאנען גלייך אַז דאָס איז א שפּיל פאַר'ן טייפעל! . . . ער האָט א וואונק געטאָן אַז מען זאָל אלץ בריינגען אין אָרדנונג ווי פריהער . . . דער טאָכטער געהייסען אריינ־געהן אין א צווייטען חדר . . . ער האָט פאַנאַנדערגעפרעגט ווי איז דאָס אלץ פאַרגעקומען. זיי האָבען קיין זאַך ניט פארלייקענט, און מען האָט איהם דערצעהלט אז דער ישיבה בחור האָט דינה'ן מקדש געווען אויף אַ געלעכטער.

— וואָס, זאָגט דער פאָטער, מקדש געווען, אוי, וואָס פאַר אַן אומגליק איהר האָט אויף מיר געבראַכט! ער האָט געזידעלט דעם מענעדזשער און אלע זיינע משרתים פאַר דעם שפּיצעל וואָס זיי האָבען אָפּגעטאָן . . . זיי האָבען זיך פארענטפערט אז זיי האָבען גאָרנישט געמיינט, דאָס איז געווען א שפּאָס און דער בחור קען איצט געהן צו אלע רוחות . . . זיי, אַלס פּראָסטע מענשען האָבען ניט באַגריפט וואָס זיי האָבען אָפּגעטאָהן . . .

דער פאָטער האָט אריינגערופען דעם ישיבה בחור אין א באזונדע־רען חדר, דערקלערט איהם אז דאָס איז געווען אלס א שפּאָס . . . נאָר אזוי ווי דאָס איז פארגעקומען זאָל ער גלייך געבען אַ גט . . .

דער בחור איז גאָר קיין נאָר ניט און זאָגט: „אהבתי את אשתי ולא אתן שום גט". . .

דאַן האָט דער פאָטער אָנגעהויבען מיט בייזען, עס העלפט ניט, ווידער מיט גוטען אז ער וועט איהם געבען דריי הונדערט רובעל, ער זאָל געבען גט...

דער בחור זעהט אז זיין שווער האָט זיך אין איהם איינגעזויגען, זאָגט ער אז ער פאַרלאָזט זיך אויף זיין רבי'ן ווי ער, זאָל געזונט זיין, וועט פּסק'נען אזוי זאָל זיין . . .

דער שווער מיט'ן אידים האָבען זיך געלאָזען אין וועג. דער רב האָט אלץ אויסגעהערט און האָט געזאגט אז דער דין איז אַז עס דאַרף געדויערען ניינציג טעג פון דער חופה ביז'ן גט . . . און די דריי הונדערט רובעל זאָל

דער ארענדאַר איינלייגען ביים רב. כך הוה. דער ארענדאַר האָט געפאָלגט דעם רב און אוועקגעפאָהרען אהיים און דער ישיבה בחור איז געבליבען אין שטאָדט.

דער רב האָט געזעהן מיט אלע מעגליכקייטען אז דער שדוך זאָל בלייבען שדוך, ער האָט געהאט א מיטגעפיהל אז דאָס איז אַ זיווג מן השמים.

דער רב האָט גע׳עצה׳ט דעם ישיבה־בחור נעהמען זיך פאר מסחר, קויפען תבואה און פארקויפען, מיט דאָס געלט וואָס דער ארענדאר האָט ביי איהם איינגעלעגט. דער יונגער מאנטשיק האָט זיך גענומען פאר מסחר, קויפען תבואה און פארקויפען, געכאפט גיך דעם שניט אין האנדלען. געהאט אויך מזל און געשמאַק פארדינט. אָנגעטאָן זיך אריסטאָקראַטיש און געווארען אן אנדער מענש . . .

נאָך די ניינציג טעג איז געקומען דער ארענדאר מיט זיין טאָכטער, דינה, זיך גט׳ן מיט׳ן ישיבה בחור . . .

דער רב זאָגט צום ארענדאר: איידער מיר פיהרען דורך דעם גט, וועל איך דיר ריידען א שדוך, מעגסט זיך אויף מיר פארלאָזען — אַ וויכטיקער ענין, וויפיל ס׳וועט דיר קאָסטען זאָלסטו דעם שדוך ניט אָפּלאָזען, צופעליגערווייזע געפינט זיך גראַד דער חתן אָטאָדאָ אין צווייטען חדר . . .

דער ארענדאר איז אריינגעגאנגען אין „חדר״, וואו עס איז געזעסען ביי א ספר א שעהנער יונגערמאן זעהר שעהן געקליידט . . . דער ארענדאר האָט זיך מיט איהם צורעדט וועגען וועלט זאַכען אויך וועגען מסחר־תבואה און דער בחור האָט נושא־חן געווען ביי איהם . . .

דער פאָטער האָט אריינגערופען זיין טאָכטער דינה׳ן. דאָס יונגע פּאָרל האָט א צייט פארבראַכט און געפעלען געוואָרען איינער דעם צווייטען . . .

דער רב איז געווען זעהר צופרידען וואס איהם האָט זיך איינגעגעבען דורכצופיהרען דעם שדוך און זאָגט צו די געסט :

— אצינד, אז זיי געפעלען זיך, דארפען קיין גט ניט דורכפיהרען, לאָזען זיי זיך עלטערען באשר ועושר וכבוד. דאָס איז, זאָגט דער רב, דער זעלבער ישיבה בחור, וואָס האָט מקדש געווען דינה׳ן . . . עס איז אויסגערופען געוואָרען מן השמים אז דאָס איז דער זיווג פון דאָס פּאָרל. נאָר ווען עס קומט צו דיר ר׳ יצחק א שדכן, — ווענדעט זיך דער רב צום ארענדאר — און שטעלט דיר פאַר אזא אָרימען ישיבה בחור וואָלסטו איהם ארויסגעטריבען פון שטוב. האָט זיך געפונען א מלאך וואָס האָט אויסגעפונען אז דורך אַ שפּאַס — א געלעכטער קען דער זיווג דורכגעפירט ווערען . . .

אלע אָנוועזענדע האָבען זיך משמח געווען, געטרונקען „לחיים״ . . . און מיט דעם רבנ׳ס ברכה איז דאָס יונגע פּאָרל מיט׳ן שווער, דעם ארענדאַר, אָפּגעפאָהרען פרעהליך צו זיך אַהיים.

# דער שכל הישר פון ווילנער גאון ר׳ אליהו ז״ע.

אמאליגע יאהרען פלעגט מען זעהר יונג חתונה האבען און דאס פלעגט אמאל פארשאפען פיעל צרות. איינמאל האט חתונה געהאט זעהר א צולאזענער און פארדארבענער אינגעל — גראדע פון פיינע, רייכע עלטערען, פאר א יונגער אנשטענדיגער מיידעל. דורגעלאפען א פאר יאהר און והילד איננו. . . ער האט פארלאזען זיין ווייבעל און געמאכט א ויברח . . .

מען האט איהם ארומגעזוכט און ווי אין וואסער אריין . . .

עס איז פארלאפען צעהן יאהר און דער בחור האט זיך אפגעזוכט . . . געקומען פלוצלונג א שעהנער יונגער־מאן, באוואקסען מיט א געדיכט בערדעל, און גיט זיך אן אלס דער זעלבער מאן, וואס האט מיט צעהן צוריק פארלאזען זיין ווייבעל . . . ער איז זיך מודה ומתודה אויף זיינע זינד, קלאפט זיך „על חטא״ און זאגט צו צו זיין גוט און פרום אויף להבא . . .

ער רופט אן איטליכען מיט זיין נאמען, און גיט אלע „סמנים״ אז דאס איז ער דער זעלבער . . .

שווער איהם צו דערקענען. באוואקסען מיט א בערדעל . . . דוכט זיך, דער זעלבער און ניט דער זעלבער . . . מען האט ניט געוואוסט ווי צו באַ־שטימען און מען איז אוועק פרעגען אן עצה ביי דעם ווילנער גאון ר׳ אליהו ז״ע. דער גאון האט געטראכט אביסעל און אזוי גע׳עצה׳ט: — ערב שבת ווען זיי וועלען געהן אין שוהל מקבל־שבת זיין זאל דער אורח אריינגעהן אין שוהל דער ערשטער און דער שווער און די איבעריגע נאך איהם; אויב ער, דער אורח וועט זיך זעצען אין שוהל אויף זיין ארט, וואו ער פלעגט זיצען אלעמאל איז א סימן אז דאס איז דער זעלבער, און אויב ניט, איז ער א פאלשער מאן . . .

מען האט אזוי געטאן. נאר גלייך ווי ער — דער אורח — איז אריין דער ערשטער אין שוהל האט ער ניט געוואוסט וואו זיך צו זעצען . . . מען האט איהם געפרעגט ווארום זעצט ער זיך ניט אויף זיין באשטימטען ארט ווי אמאל? האט ער אנגעהויבען שטאמלען, ניט געוואוסט וואס צו ענטפערען . . .

דאן האט מען איהם גענומען אויפ׳ן אימבעל . . . און ער האט זיך מודה געווען אז ער איז א פרעמדער . . .

דער אורח האט דערצעהלט ווי ער האט זיך געטראפען אין א קאמפאניע פון אויסגעלאסענע חברה. ער האט זיך דארטען, דער תכשיט, באפריינדעט מיט זייער אידים, וואס האט געוואָרפען זיין ווייבעל, און דער אידים האט איהם געוואלט מהנה זיין מיט זיין ווייבעל . . . געלערענט איהם א יאהר נאכאנאנד ווי ער זאל ריידען, געגעבען איהם אלע „סימנים״ אז ער איז דער ריכטיגער מאן . . .

געוויינטליך קיין האניג האט דער אורח ניט געלעקט . . .

מען האָט געפרעגט דעם גאון ווי איז ער איינגעפאַלען אויף אַזאַ איינ־פאַל; האָט ער אזוי געזאָגט: — אייער אידים האָט פארזונקען אין מ״ט שערי טמאָה האָט זיך פון איהם אָפגעטאָהן די „שערי קדושה״ — דערפאר האָט ער פאַרגעסען דעם אורח צו דערמאָנען אויף וועלכען אָרט ער זאָל זיך זעצען אין בית המדרש . . .

# משיח אין בויד.

דער ווילנער גאון רבנו אלי׳ זי״ע האָט אָפגעריכט גלות. אייגענטליך וואָס האָט איהם געטריבען דערצו? — ער, דער צדיק האָט זיך ניט פאַרגינען צו זיצען אין דער וואַרים ביי אַ גלעזעל טיי און לערנען — ווען אין דער צייט וואָס דאָס אידישע פאָלק טרינקט זיך אין צרות . . . ער האָט געוואָלט פאַר־זוכען דעם טעם פון נע ונד זיין אזוי ווי פיל מענשען וואָס וואַנדערען אַרום צו געפינען זייער שטיקעל ברויט אין לעבען. אויך האָט זיך איהם געוואָלט די אומגליקליכע מענשען צו העלפען מיט וואָס ער קאָן.

איינמאָל געהט רבנו אליהו זי״ע איינגעבויגען אין דרייען מיט זיין שווערען פאַק אויף די פלייצעס . . . אויפ׳ן וועג פאָהרט א בעל־עגלה מיט צוויי ווייסע פערד פון אַ שטעטעל מיט אַ גרויסער פוהר מיט אַ גרויסע בויד. דער בעל־עגלה האָט געהאט מיטלייד מיט׳ן וואַנדערער און איהם ארויפגענומען אויפ׳ן וואָגען. פאָהרענדיג זאָגט צו איהם דער בעל־עגלה: — פעטער, איך בין זעהר מיעד, איך וועל זיך צולייגען שלאָפען אביסעל אין בויד און איהר האַלט נאָר די לייצעס. די פערד ווייסען דעם וועג און זיי וועלען קומען אין שטעטעל וועלען זיי זיך אליין אָפשטעלען לעבען שוהל.

דער גאון האָט געוואָלט מקיים זיין א מצוה און האָט געפאָלגט.

ווען זיי זיינען אריינגעפאָהרען אין שטעטעל איז געגאַנגען א ווילנער בעל־הבית. אַן אורח אין שטעטעל — דאַוונען אין שוהל און האָט דערקענט דעם ווילנער גאון. דער איד איז געווען איבעראַשט אז ער האָט דערזעהן דעם צדיק אין אַזאַ צושטאַנד; און איהם איז דורכגעלאָפען אַ געדאַנק ווי אַ בליץ אז דער גאון פיהרט משיח׳ן . . .

דער ווילנער איד איז אריינגעלאָפען אין שוהל א צוטומעלטער און דערצעהלט וואָס האָט פּאַסירט. דער רב און אלע אידען פון שוהל זיינען ארויסגעלאָפען מקבל פנים זיין משיח׳ן און דעם מבשר אליהו׳ן. זיי האָבען גע־שריען:

— רבינו אליהו, גיט אונז אַרויס משיח׳ן״!

— „וואָס ווילט איהר, אידען, בעט זיך דער גאון רחמים, ווי קום איך צו משיח׳ן ? ״

— „אַז איהר זייט דער בעל־עגלה איז אין בויד משיח ! ״

— „אויב אזוי עפענט די בויד און נעהמט איהם״, זאָגט דער צדיק.
מען האָט געעפענט די בויד און ארויסגעצויגען חיים דעם בעל־עגלה מיט זיינע לאַנגע שטיוועל . . .

## ארייגעזאָגט.

שאַיע: — זאָג מיר, שמאַיע, ווען קומט משיח?

שמאַיע: — ווען דו ווילסט, קאָן ער קומען די מינוט

שאַיע: — וואָס מיינסטו מיט דעם?

שמאַיע: — די גמרא זאָגט, אז משיח וועט נאָר קומען אין אַ דור וואָס איז אָדער כולו „זכאי״ אָדער כולו „חייב״, דאָס הייסט, אָדער ווען אלע וועלען זיין אָרענטליך, אָדער ווען אלע וועלען זיין ניט־אָרענטליך. און אזוי ווי דו ביזט מיר שוין אַ לאַנגע צייט „חייב״ אַ פופציגער, טאַ, זיי מיר משלם תיכף און האַלט ניט אָפּ די גאולה, וועט זיין „כולו זכאי״, דאָס הייסט, אינגאנצען אָרענטליך — וועט משיח באַלד קומען.

## ד ע ר פּ אַ ט ש. (בילד)

לוי גאָלדמאַן איז געבוירען געוואָרען אין א גאָלדענע העמדעלע, אַ גרויסער בר־מזל. געקומען נאָך אמעריקע מיט זיין שטעקעל און טאָרבע און היינט איז ער א מיליאָנער.

אין אָנפאַנג איז ער געווען אַ פּעדלער, געדרעהט זיך פון דאָרף צו דאָרף מיט דער סומקע אויף דער פּלייצע. אין סומקע איז געווען אלע מיני סחורות, פּרויען ציהרונג, קינדערשע שפּילעריי א.ז.וו. דער געשעפט איז גע־גאַנגען גוט און איהם האָט זיך איינגעגעבען צונויפזאַמלען אַ סומע געלט. גאָלדמאַן האָט זיך באזעצט אין א גרויסער שטאָדט מ. געעפענט אַ סטאָר און די ביזנעס זיינען אוועק זעהר גוט. ער האָט אָנגעהויבען קויפען הייזער וואָל־וועל און פּארקויפט טייער, געקויפט סטאַקס, זיי האָבען זיך „געהויבען״ און דער קאַפּיטאל ווערט גרעסער און גרעסער . . . ניט קוקענדיג וואָס ער איז רייך געוואָרען האָט ער אָבער גאָט ניט פארגעסען: ער איז געווען א שומר שבת׳ניק; געגעבען פיל צדקה און נטע אש״ל בביתו. זיין אשת־חיל רבקה האָט געפיהרט דאָס הויז בהכשר־הכשרות.

זיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון 3 זיהן און 2 טעכטער. די צוויי זיהן, וואָס זיינען געווען מיט׳ן פאָטער אין ביזנעס, האָבען חתונה געהאט, געעפענט אייגענע ביזנעס און פיהרען אַן אָנשטענדיגען לעבען; די צוויי טעכטער האָבען אויך חתונה געהאט און לעבען גליקליך. די עלטערען זיינען געבליבען מיט׳ן

מוזיניק מרדכי. דער זוהן איז אַ דאָקטאָר און פאַרנעמט א שטעלע אין שפּיטאָל.

די עלטערען האָבען פון איהם אויך געוואָלט האָבען נחת ער זאָל חתונה האָבען . . . נאָר עס האָט זיך עפּעס ניט געקלעפּט . . .

איינמאָל איז געקומען דער זוהן זעהר אויפגעלייגט אהיים און נאָך אַ גוטען מאָלצייט זאָגט ער צו זיין מוטער אז ער קלערט יע חתונה צו האָבען מיט איינער פון די נוירסעס פון האָספּיטאָל — זעהר אן אינטעליגענטע פּערזענליכקייט . . . און ער קלייבט זיך איהר צו ברייגען די טעג צו גאַסט. די מוטער האָט אָפּגעלעבט, עפּעס אַ קלייניגקייט, דער זוהן וועט ווערען אַ חתן און זיי וועלען אויספיהרען די וועלט מיט דעם וואָס זיי וועלען שוין האָבען חתונה געמאכט אַלע זייערע קינדער. אָבער איהר איז נעבאך ניט איינגעפאלען אויפ׳ן געדאַנק אז עס איז פאַראַן נוירסעס אידישע און אויך קריסטליכע . . . ויהי היום האָט דער זוהן געבראַכט זיין געליבטע זיך באקאנען מיט זיינע עלטערען. נאָר ווי גרויס עס איז געווען די שרעק פון זיינע עלטערען אז זיי האָבען דערזעהן א יונגע שעהנע „קריסטין״ . . . . זיי האָבען דערפילט אז עס האָט זיך עפּעס וואָס אָפּגעריסען אין זייער הארצען . . .

אַלס גאסט פון זייער געליבטען זוהן האָבען זיי זיך איינגעהאלטען פון אַ טומעל . . . און האָבען איהר פיין אויפגענומען . . .

בעת דער זוהן האָט זיך אומגעקערט אהיים פון באגלייטען זיין כלה האָט דער כעס פון זיינע עלטערען אויסגעפּלאַצט און אויפגעריסען אזוי ווי מען וואַרפט אריין אַ שוועבעלע אין א קייפעל פּולווער . . .

— סטייטש, האָבען די עלטערען איינע די אנדערע איבערגעשריען מיט שוים אויף די ליפּען, דו ווילסט אונז טויטען . . . פארשוואַרצען די אויגען . . . אַ גויה . . . אַ קלאָג, אַ בראָך . . . מאכסט זיך אומגליקליך און אונזער גאנצע פאַמיליע . . . דאָס צאָהלסטו אונז אזוי אָפּ פאר אונזער מקריב זיין זיך פאר דיר . . .

דער זוהן האָט זיך אויפ׳ן ענגלישען מאַניער זיך געקאָכט און אויפגעוויזען באותות ומופתים אז ער האָט רעכט אויסצוקלייבען וועמען ער וויל . . . און זיין געליבטע מאַרגאַריטאַ שטעהט ניט נידעריגער אלס א אידישע . . . און צו בארוהיגען זיינע עלטערען האָט ער צוגעגעבען אז זי איז מרוצה אָנעמען דעם אידישען גלויבען און ער וועט איהר מקדש זיין ביים רבי כדת משה וישראל . . .

פון דאמאָלסט אָן איז דער שלום בית צושטערט געווארען. שטומערהייט פלעגט דער זוהן זיך ארומדרעהען אין הויז. די עלטערען זיינען אויך געווען פארקלעמט; זיי האָבען דורך זייערע קינדער און פריינט געארבייט מעשים מחזיר למוטב זיין דעם זוהן, און איהם אָפּהאַלטען פון אַזאַ שריט... נאָר עס האָט גאָרנישט געהאָלפען. דער זוהן איז געבליבען עקשנותדיג . . . און ער האָט געזיגט . . . חתונה געהאט ביים רבי׳ן . . .

דאַן האָבען די עלטערען קיין אנדער ברירה ניט געהאט און באַשטימט די שנור אריינגעהמען צו זיך . . . ערשטענס, וועלען זיי זיך ניט צושיידען מיט זייער ליבען זוהן און צווייטענס, וועט די שוויגער אַכטונג געבען אויף דער שנור, זי זאָל זיין סטריקטלי כשר . . .

פון דאַמאָלסט אָן האָט זיך אָנגעהויבען א סדרה „שנור״

— פון אָנפאנג איז געגאנגען מיט די פוטער אראָפּ: די שנור אין א זיידענע בלוזקע האָט געקאָכט דינער . . . דער מאַן האָט איהר געקעכטס אין מויל ניט געקענט אריינעמען . . . נאָך אונאַמליכקייטען איז פארגעקומען, זי פלעגט זיך ארומדרעהען אין די סטאָרס איינקויפען פארשידענע זאַכען פאַר זיך און פאר איהרע עלטערען אלס פרעזענטען און דער דאָקטאָר פלעגט ווערען מיעד צאָהלענדיג די בילס . . . נאָר מיט דער צייט איז זי געוואָרען מענש־ליכער. די שוויגער איז געקומען צו הילף, געלעגט זיך אין דער לענג אין אין דער ברייט צו מאַכען פון דער שנור אַ לייט . . . מיט איידעלקייט האָט זי אויסגעפיהרט ביי איהר אז זיזאָל קאָכען דעם טעפעל אין א פראָסטער בלוזקע. און געלערענט איהר קאָכען, באַקען . . . די שנור האָט אויפגעגעבען איהר שטעלע אלס נוירס, און זיך איבערגעגעבען צו באלעבאטישקייט; זי איז געווען זעהר א פעהיגע און מיט דער צייט אלץ איבערגענומען און דערנאָך גוט גע־קאָכט אידישע מאכלים . . . די שוויגער האָט אָנגעקיואָלען; זי, די שוויגער, איז נאָך אוועק נאָך ווייטער, אויסגעלערענט איהר בענשען ליכט, אפילו לייענען קריאת־שמע . . . מיט איין וואָרט, די פריהערדיגע כמאַרע איז פארשוואונדען, און עס האָט זיך באוויזען א שטראַל פון ליכטיגקייט . . .

בעת די עלטער׳ען פלעגען בלייבען אליין אין הויז פלעגען זיי ריידען וועגען זייער שנור . . .

— זעסט, לוי, פלעגט זאָגען מיסעס גאָלדמאַן צו איהר מאַן, אונזער שנור זאָל לעבען, איז געווארען א אמת׳ע אידישע טאָכטער; איך געדענק פון בייבל אז רות המואביה האָט אָנגענומען דעם אידישען גלויבען און געווען א טייערע נשמה, אזוי וועט זיין א״ה אונזער מאַרגאַריטע. איך הייב איהר אָן האַלט צו האָבען ווי אַן אייגענע טאָכטער . . .

— הייסט דאָס, זאָגט גאָלדמאַן, אז דו ביזט נעמי און זי איז רות . . . נאָר זיי ויסען, מיין ווייב, האָט זיך אָפּגעזיפצט דער מאַן, אז רות האָט אָנגענומען דעם אידישען גלויבען ניט צוליעב א שעהנעם בחור אַ פאַרדינער . . . נאָר צוליב דער אידישער אמונה, וועלכע זי האָט ליעב געהאט מיט לייב און לעבען; ווען נעמי האָט אָפּגערעדט רות׳ן אָנצונעמען דער אידישע אמונה האָט רות געזאָגט: „מוטער, בעט מיר ניט איך זאָל דיך פארלאָזען, וואו דו וועסט געהן, וועלען איך געהן; וואו דו וועסט נעכטיגען, וועל איך נעכטיגען, דיין פאָלק איז מיין פאָלק; דיין גאָט איז מיין גאָט; דאָרט וואו דו וועסט שטאַרבען, וועל איך שטאַרבען און דאָרט וועל איך באַגראָבען ווערען, אזוי העלף מיר גאָט,

אַז נאָר דער טויט קאָן אונז פאַרנאַנדערשיידען. — אונזער תורה וואָרענט אונז זיך ניט נאָכצויאָגען נאָך גרים. א אידישער מלך און כהן גדול „הורקנוס" איז דורכגעפאלען מיט דעם ווען ער האָט איינגענומען די אדומים האָט ער זיי געצוואונגען אָנצונעהמען די אידישע אמונה און זיך צונויפגיסען מיט דאָס אידישע פאָלק. דער סוף איז געווען א ביטערער, זיי האָבען געהאָלפען די רוימער צושטערען די אידישע מלוכה. דערפאַר האַלט איך ניט פון גרים און גרות —ביידע קומען פון צוויי באזונדערע לאַגערען, צוויי פאַרשידענע עלעמענטען, אז מען פארפלאַנצט צוויי בלומען, פון צוויי פארשידענע קלימאַטען, וועלען זיי לאנג צוזאַמען ניט וואַקסען, איינע פון זיי וועט געוויס שטאַרבען . . . אפילו זאָגאר, ווען די וועלט זאָל שוין ווערען אזוי פאָרגעשריטען, אז די רעליגיעזע פראגע זאָל אינגאנצען אונטערגעהן, איז נאָך דאָן אויך פאַראַן אַ גרויסער צווייפעל אויב צוויי פערזאָנען פון צוויי געוועזענע באזונדערע ראַסען זאָלען קענען הארמאָנירען צוזאמען.

— וואָס דאַרפען אריינקלערען צופיל, לאָמיר האָפען מיין מאַן, אז עס וועט א"ה זיין גוט.

אָט אזוי פלעגען זיי אָפט פילאָזאָפירען ביידע זייענדיג אליין.

ויהי היום דאָס איז געווען פרייטאָג, די שוויגער און די שנור האָבען געמאַכט שבת . . . געבענשט ליכט . . . און מען האָט געוואַרט אויפ'ן שווער און מאַן. — די שנור איז אריין אין איהר שלאָף־צימער און האָט פארגעסען צושליסען די טיר, וועלכע איז געווען האַלב־אָפען . . . זי האָט אויפגעשלאָסען דעם קאַסטען ארויסגענומען א גרויסע געטשקע אוועקגעשטעלט אויפ'ן קאָמאָד געפאלען אויף די קני און אָנגעהויבען תפלה טאָהן . . . אין דעם מאָמענט איז פארבייגעגאנגען די שוויגער און דערזעהן די גאנצע שרעקליכע קארטינע...

די שוויגער האָט זיך פאַרלאָרען און אריינגעלאָפען אין צימער, אַ כאַפּ געטאָהן די געטשקע און צושמעטערט. . . צוגעלאָפען צו דער שנור און אראָפּגעלאָזען איהר צוויי פייערדיגע פעטש . . . די שנור האָט א ווילדען געשריי געטאָהן און גע'חלש'ט . . .

דער זוהן און דער פאָטער זיינען אָנגעקומען אין דער צייט און פאַר זייערע אויגען האָט זיך אנטפלעקט די גאנצע שוידערליכע סצענע . . .

דער זוהן האָט אויפגעהויבען זיין ווייב אוועקגעלייגט איהר אין בעט און געגומען איהר מינטערען . . . קוים איהר געבראכט צום לעבען . . . די מוטער אָן אויפגערעגטע האָט געיאָמערט ווי נאָך אַ טויטען . . . אין שטוב האָט זיך געטאָהן חושך . . . דער הייליגער שבת איז פארשטערט געוואָרען...

אין א קורצע צייט ארום האָבען זיך די יונגע פאָר פאָלק ארויסגעמופּט. די מוטער פון עגמת נפש איז שטאַרק קראַנק געוואָרען . . . און נאָך פיעל יסורים אָפּגעשטאָרבען . . . דער זוהן — דער דאָקטאָר — איז אויך געקו־

מען באגלייטען דער מוטער צו איהר אייביגע רוה . . . געזאָגט „קדיש“. . .
די שנור איז ניט געווען ביי דער לויה.

די שנור האָט נאָכ'ן יאָהר געבאָרען א זוהן. דער פאָטער האָט געפּראַוועט אַ ברית . . .

# גוט־שבת.

דריי אידען זיינען שבת געגאנגען פון שוהל און זיך באַגעגענט מיט'ן רב, וועלכער האָט זיי געזאָגט „גוט שבת“.

רופט זיך אָפּ איין איד דאָס האָט דער רב „מיר“ געזאָגט „גוט־שבת“.

— ניין, זאָגט דער צווייטער, דאָס האָט ער מיר געזאָגט.

רופט זיך אָפּ דער דריטער:

— איהר מאַכט ביידע א טעות, דאָס האָט דער רב מיר געזאָגט.

האָבען זיי זיך געאַמפּערט און צום סוף באשטימט מוצש"ק אריינגעהן צום רב און פרעגען צו וועמען פון זיי האָט ער געזאָגט „גוט־שבת“.?

זיי זיינען געקומען צום רב און איהם געפרעגט צו וועמען פון זיי האָט ער געזאָגט „גוט שבת“.

— איך האָב געזאָגט „גוט־שבת“, זאָגט דער רבי, צו דעם ווער עס איז א גרעסערער „עקשן“ פון אייך אלעמען . . .

— אָ, רבי, איך בין דער גרעסטער עקשן פון אונז אלעמען, אָט וועל איך אייך דערצעהלען אַ מעשה וואָס האָט פּאַסירט מיט מיר אליין, איך בין אַ „בעל־עגלה“ פיהר פון באַן אין שטאָדט גאנצע וועגענס מיט סחורה: מעהל, צוקער א.ז.וו. און טייל דאָס פאַנאַנדער אין שטאָדט צווישען די קרעמער. פון באַהן ביז שטאָדט איז עטליכע מייל, און אויפ'ן וועג איז דאָ א קרעטשמע; פלעג איך זיך אריינכאַפּען מאַכען אַ שנעפּסעל . . . מיין שטייגער איז אזוי, רבותי, איך מאַך פיער שנאַפּסען, בעת עס איז מיר אין דער פריה קאַלאַמוטנע אויפ'ן האַרצען נעם איך אַ שנעפסעל; דער שנעפסעל דרעהט הין און הער, עס איז עפּעס אומעדיג, מאַכט מען נאָך א שנעפסעל, ער זאָל האַלטען קאָמפּאַניע. אַנשטאָט זיי זאָלען פארברייינגען צוזאַמען, שלאָגען זיי זיך; וואָס זאָל איך טאָן, איך קען ניט אריבערטראָגען — שיק איך אריין א דריטען שנעפסעל, ער זאָל זיי פאַנאַנדערנעמען; עס איז געוואָרען שלום; היינט, אידען, אז עס איז געוואָרען שלום דארפען מאַכען א פערטען שנעפסעל . . .

ווי עס ווייזט אויס האָב איך איינמאָל געמאכט א צו גרויסע כוסה . . .
און איך האָב זיך שטארק צו ווערטעלט מיט'ן קרעטשמאר; איך האָב איהם אפּגעשטעקט אַ פּאַטש . . . ער האָט ניט פאַרשוויגען און האָט מיר אויך נוגע

בכבוד געוועז . . . האָב איך באשלאָסען פון דאמאָלסט אָן קיינמאָל צו איהם ניט ארײנפאָהרען . . .

איינמאָל פאָהרענדיג פון באַהן מיט א אָנגעלאָדענעם וואָגען מיט מעהל און צוקער — האָט זיך דער הימעל באדעקט מיט שוואַרצע וואָלקענס און עס האָט אָנגעהויבען גיסען א רעגען; דער רעגען ווערט וואָס ווייטער שטאַרקער און שטאַרקער, עס ווערט א שטורם . . . פון די צוקער און מעהל ווערט א תל... און איך פאָהר פארביי די קרעטשמע. בשום אופן שטעל איך זיך ניט אָפּ . . . אָט אַזאַ עקשן בין איך, רבי! . . .

— הערט רבי, זאָגט דער צווייטער איד, איך בין נאָך א גרעסערער עקשן פון איהם, הערט מיך אויס, רבי. איך בין „א טראַוולער", איינמאָל פאָהר איך דורך אַ שטאָט און עס האָט מיר דאָרטען אָנגעהויבען שטאַרק וויי צו טאָן אַ צאָהן, בין איך אריין צו א דענטיסט, פרעגט מיר דער צייהן דאָקטאָר: וועל־כער צאָהן טוט אייך וועה?

— „איהר זענט א דאָקטאָר", ענטפער איך איהם, „דארפט איהר אליין וויסען, איך וועל אייך ניט זאָגען"!

האָט ער זיך גענומען פאר דער מלאָכה און שלעפּט מיר ארויס א גע־זונטען צאָהן . . . זאָג איך איהם: „ניט דער צאָהן, דאָקטאָר!" האָט ער ארויסגעשלעפּט ווידער א געזונטען צאָהן . . . און איך האָב אויסגעהאלטען מיין עקשנות ניט זאָגענדיג וועלכער איז דער קראַנקער צאָהן ביז וואַנען ער האָט ארויסגעריסען אַלע מיינע צייהן . . . אָט אַזאַ „עקשן" בין איך, רבי!

— עט, טע, טע . . . דאָס איז גאָרנישט אַזאַ גרויסע עקשנות . . . הערט נאָר, רבי, מיר אויס, איך בין טאַקע אַן „עקשן" איך שאָקעל זיי ביידען אויס פון ארבעל . . . איך האָב א ווייבעל א געפערליכע „ארורה", אַ מויל, אויף שרופען, מיט בלויע ליפּעלאך . . . האָב איך איהר אָפּגעטאָהן א שפּיצעל — ארויס פון הויז פאַרמאַכען די לאָדען און אָפּגעפאָהרען אויף זיבען פסח'ן . . . אין פאַרלויף פון דער צייט בין איך געקומען צופאָהרען אהיים. מיין ווייבעל ווייזט אויס, איז געוועזן צופרידען מיט מיין קומען. זי נעהמט מיך ליבליך ארום און זאָגט צו מיר האָניג־זיס:

— „דו ווייסט חיים, אז פון היינט אָן און ווייטער וועלען מיר לעבען גוט, אזוי ווי די טייבעלאך". . .

דוכט זיך גוט, האַ, צוקאָכט זיך אין מיר די יאָכע — און גיב א זעץ אין טיש, אז אלעס ציטערט אויף און גיב א געשריי: — „ניין, איינמאָל ניין! דו הערסט, צי ניין.?!?"

און עס געבליבען אויף „ניין".

— אָט אַזאַ „עקשן" בין איך, רבי!

— אָט טאַקע דיר האָב איך געזאָגט „גוט־שבת" — זאָגט דער רבי, ווארום סתם עקשן עם־הארץ . . .

# דער גרינער און דער געלער.

אַ גרינער מאַן איז געקומען פון אַלד־קאַנטרי איןאמעריקע און איז גע־וואָרען אין דער שטאָדט מ. א רעגס־פעדלער. פאָהרט ער מיט זיין פערד און וועגעלע און שרייט: „רעגס״ — „רעגס״! — ער שלאָגט זיך נעבאך, ארויס פון די כוחות און קריגט קיינע מציאות ניט. הונגעריק און פאַרמאַטערט פאָהרט ער דורך א קריסטליכען געגענד און דערזעהט א רייכע הויז מיט א מזוזה אויפ'ן טיר. דער גרינער איז געווארען פרעליכער, אריינגעגאנגען אין הויז און דערזעהן פאַר זיך דעם בעל־הבית — אַ איד א דיקער, פון מיטעלען וואוקס מיט אַ פליעך אויפ'ן קאָפּ און זעהר שעהן געקליידט . . .

— א גוט מאָרגען אייך, בעל הבית, זאָגט דער גרינער, קוים דערזעהן א אידישע הויז, איך האָב געוואָלט ביי אייך עטוואָס איבערכאפּען, איך בין מיעד און הונגעריג . . . נאָך ניט געהאט היינט אַ פאַטשין . . .

— געה פון דאַנען, שלעפער, איך וועל דיר גאָרנישט געבען, קיינער האָט נאָך דיר ניט געשיקט, זאָגט מיט כעס דער געלער.

דער גרינער האָט זיך איינגעדרעהט אין דרייען און ארויס א צוטו־מעלטער . . .

אָנשפּאַרענדיג זיך הינטער דער טיר ער זאָל ניט פאַלען האָט ער דער־הערט דעם קול פון די בעלת־הבית, וועלכע האָט גע'מוסר'ט דעם מאַן פאַר וואָס ער האָט באליידיגט דעם גרינעם: „ער זעהט אויס אַ גאנץ ארענטליכער מאַן, זאָגט זי, און איז הונגעריג און פארשווארצט . . . עס איז דאָ גענוג ביי אונז וואָס צו עסען, זאָגט די פרוי, געקענט איהם געבען א מאָל־צייט, עס וועט נאָך קלעקען אויף ארויסצוואוארפען . . .

דער בעל־הבית האָט געענטפערט אז ער האָט פיינט די גרינע און וויל זיך מיט זיי קיינמאָל ניט באַדערען . . .

פאַרלאָפען פיל צייט. איינמאָל, איז דער זעלבער בעל־הבית נ. דער געלער, אין א שעהנעם טאָג אוועק וועגען ביזנעס צו א גרויסען מאַנופעקטשו־רער, וועלכער האָט געוואוינט ווייט פון שטאָדט, הינטער אַ וואַלד. פאַרבראַכט ביי איהם א פאָר שטונדען און געמאכט מיט איהם א גוטען געשעפטעל, גע־קויפט ביי איהם פיל וואָרע . . . איז מיסטער נ. אַ צופרידענער זיך אומגעקערט אהיים דורכ'ן וואַלד. פאַרטיפט אין זיינע געדאַנקען איז ער געגאנגען דורכ'ן וואַלד און ער האָט ניט באמערקט ווי דער הימעל האָט זיך באדעקט מיט שוואַרצע וואָלקענס . . . עס האָט זיך אויפגעהויבען א גרויסער שטורם . . . איצט האָט ער זיך געכאפּט אז ער בלאָנדזשעט... ער האָט דערזעהן א פייערל

פון ווייטען און זיך געלאָזען געהן נאָך איהם. צוגעגאנגען צו א קליין הייזקעלע, וועלכע איז געווען באלויכטען. אַ נאַשער, דורכגענעצטער פון רעגען און קעלט האָט ער אָנגעקלאַפּט אָן טיר. עס האָט איהם געעפענט אַ איד מיט אַ שפּיציג געלע בערדעל, מיטעלען וואוקס, וועלכער האָט איהם ארומגעקוקט פון קאָפּ ביז די פיס.

— איך האָב פארבלאָנזשעט אין שטורם, זאָגט דער געלער, צייגט מיר ר' איד די וועג אין שטאָדט . . .

דער איד האָט איהם גוט אָנגעקוקט און דערקענט אז דאָס איז דער זעלבער געלער, וועלכער האָט איהם ארויסגעטריבען . . .

— קומט אריין, פעטער, אין הויז, טריקענט זיך אויס ביים אויווען, די וועג קען איך אייך ניט צייגען, ווייל עס איז פינסטער, מאָרגען אין דער פרי וועט איהר ערשט קענען פון דאַנען אוועקגעהן, איך וועל אייך צייגען דעם וועג. דער רייכער האָט געמוזט אויספאָלגען אלעס וואָס דער ארימער האָט איהם געזאָגט, ער האָט ניט געהאט קיין אנדער ברירה . . .

דער בעל־הבית, דער גרינער, האָט איהם אָנגענומען מיט כבוד, געזעצט איהם ביים אויווען, געגעבען איהם איבערבייטען אנדערע קליידער, זיינע, נאַסע קליידער האָט ער אוועקגעלייגט טריקענען ביים אויווען. מיט אפּעטיט האָט דער געלער געגעסען סאָפּער, וועלכען דער גרינער האָט איהם צוגעגרייט. דער גרינער בעל־הבית האָט איהם אָפּגעגעבען זיין בעט און ער מיט זיין ווייב און קליינע קינדער, זיינען געשלאָפען אויפ'ן פלאָר . . . אין דער פריה האָט דער גרינער איהם געמאַכט אָנבייסען און ארויסגעפירט איהם צו דער ריכטיגער וועג צום שטאָדט.

דער געלער איז געווען געריהרט פון אַזאַ פריינדשאפט. דער געלער גביר האָט איהם זעהר באַדאַנקט און ערשט פאר'ן אוועקגעהן האָט ער זיך דערמאָנט אז דער גרינער אידל איז איהם באַקאַנט און קען זיך ניט דערמאָנען וואו ער האָט איהם געזעהן . . .

דער גרינער איד זאָגט איהם פאר'ן אוועקגעהן:

— דערקענסטו מיך?

— אַי, זאָגט דער געלער, יעצט דערמאָן איך זיך, דו ביזט ביי מיר געווען אנומעלט און איך האָב דיר גאָרנישט געגעבען . . . און דו האָסט מיר איצט באַצאָלט פאַר שלעכטס מיט גוטס . . .

— נו, זאָגט דער גרינער, נאָך אַמאָל אז עס וועט צו דיר קומען א גרינער טרייב איהם ניט, רופ איהם ניט „שנאָרער", נעם איהם פיין אויף, גיב איהם עסען, טרינקען און פיהל זיין צער . . . ווארום פארגעס ניט כל ישראל חברים... סיי א גרינער סיי א געלער, און אפילו אז עס קומט צו דיר א פרעמדער — אַ גר — נעהם איהם אויף פיין, ווארום די גאנצע מענשהייט איז ווי איין מענש — א עולם קטן.

# דער קאַמף פאַר ברויט. (סקיצע)

בזעת אפיך תאכל לחם (בראשית ג׳)

דיסענקא — סלאבאדא — אזוי רופט זיך די שטעטעל וואָס ציהט זיך ניט ווייט פון ברעג טייך „זאַפּאָדנאַיאַ דווינאַ״.

פון דיסענקא צו דער אנז׳ער זייט שטאָדט וואָס רופט זיך דיסנא, פאָרט מען איבער׳ן טייך מיט׳ן „פּאַראָם״. דער פּאָיעזד (באַהן) שטעלט זיך אָפּ 13 מייל פון דיסענקא. גלייך ווי מען געהט אראָפּ פון באַהן באמערקט איהר שוין בעלי־עגלות, וועלכע רייסען זיך איבער די פּאַסאַזשירען זיי אָפּצופיהרען קיין דיסענקא. איך פאָהר די 13 מייל כסדר דורכ׳ן געדיכטען וואַלד, דער אויר מחיה נפשות, די פייגעלאך באַגלייטען מיר מיט זייער געזאנג, די רמשים שוויצער׳ן. מיט איין וואָרט עס ווילט זיך פאָהרען וואָס ווייטער. ווייטער אָהן א סוף . . . בעת איך פאָהר דורך׳ן וואַלד מיט׳ן בעל־עגלה, וועלכער האָט מיר צוגעדעקט די פיס מיט זיין „קאָווער״ מיין איך אז איך בין „דער פריץ פון שטעטעל״ — עפּעס א קלייניגקייט איך פאָר אָנגעשפּאַרט ווי אַ גראַף און שמאָצקע אַ שאָקאָלאַד; און והא ראיה אז איך בין דער פריץ פון שטעטעל אַז אפילו דעם בעל־עגלה האָב איך אויך מכבד געוועזן מיט אַ שאָקאָלאַד . . . איך פאָר וואָס ווייטער און זינג זיך מיר אונטער אַ „זמר׳ל״ . . . און אָט באַווייזט זיך פאַר אייך פון דערווייטענס די קוימענס פון די שטרויענע דעכער פון די הייזקעס, דיסענקא, וועלכע ציהען זיך ווי אַ סטרונע ניט ווייט פון ברעג טייך.

ווען איהר פאָהרט אריבער דעם „פּאַראָם״ און קומט אָן אין שטאָדט „דיסנע״ באמערקט איהר אז עס איז א גרויסער אונטערשיעד צווישען דיסענקא און דיסנא. אין דיסענקא איז הילצערנע הייזלאך מיט שטרויענע דעכער, אָבער אין דיסנע איז דאָ שעהנע הייזער, געדעקט מיט שינדלאך און אויך וואַרפען זיך דורך געמויערטע הייזער וואו עס וואוינען די פני־העיר. אויך דאָ פילע קראָמען מכל המינים שהוא. זעהר א גרויסער אונטערשיעד צווישען די מענשען פון דיסענקא און דיסנא. אין דיסנא זיינען מענשען געוועהנליכע, מיטעלמעסיגע, ניט קליין ניט גרויס, אָבער אז איהר קומט אריין אין דיסענקא, דוכט זיך אייך אויס אז איהר זענט הינטער׳ן „סמבטיון״ צווישען „עשרת השבטים״. . . — גוטע ליבע פריינדליכע מענשען — הויכע שלאַנקע, געזונטע, ברייטפּלייציגע מיט מאָזאָליסטע הענט פון שווארצע ארבייט . . .

דער העכסטער און שטאַרקסטער צווישען די דיסענקא׳ר איז שמשון — וועלכען מען האָט געקרוינט מיט׳ן צונאָמען „שמשון־הגבור״ — מיט א קאָפּ איז ער העכער פון אלע מענער אין שטעטעל; א ברייט פלייציגער, פארמאָגט א קאָפּ מיט שווארצע געקרויזטע האָר, א ברייטען שטערען מיט א פאָר שווארצע אויגען און רויטע באַקען. זיינע מוסקולען זיינען געווען אייזערנע, ער פלעגט געהן מיט א ראגאטינע, אנטקעגען א בער און דערשלאָגען איהם...

און מיט זיינע אייזערנע פויסטען פלעגט ער איינקוועטשען אַ פּאַדקאָווע . . . ניט אומזיסט האָט מען איהם געריפען: „שמשון־הגבר״. דאָס פּנים פון דעם מאַן האָט אויסגעדריקט עפּעס אומגעווייגליכעס — עפּעס א פארבאָרגענע קראַפט, וועלכע האָט געשלאָגען פון זיין פּרצוף, ווי די היץ פון אַ פלאַם . . . עפּעס א פעסטער רצון וואָס זאָגט עדות, אז דער דאָזיגער מענש וועט זיך פאר גאָרנישט און פאר קיינעם נישט צוריקציהען.

איינמאָל איז ער אריין אין הויז און געפונען זיין פאמיליע מיט אַן אורחה ביי אַ מאָגערען סאַפּער, איז איהם ניט אָנגעשטאַנען דער מאָגערער מאָלצייט. האָט ער זיך א ריס געטאָהן צו דער מאַמע־טייך מיט׳ן נעץ . . .

זיינע חברים האָבען איהם געוואָרענט ער זאָל זיך ניט לאָזען איצט פאַנגען, צייגען איהם אָן אויפ׳ן הימעל אויף א קליין וואָלקענדעל, ווי א האַנט פון א מענשען, א סימן אויף א שטורם . . .

— נאָר ער שטעלט זיך ניט אָפּ, א כאַפּ געטאָן דאָס שיפעל מיט׳ן נעץ און פארשוואונדען . . . שמשון־הגבור האָט דערזעהן צווישען די וואָלנעס א גאָלדענעם פיש . . . ער האָט פארוואָרפען דעם נעץ . . . דער הימעל האָט זיך באדעקט מיט שוואַרצע וואָלקענס, עס איז פארגעקומען א שטורם . . . דער טייך האָט געברויזט מיט זיינע וואָלנעס, שמשון קוקט זיך ארום עס איז חושך, הימעל און וואַסער . . . דער שטורם לייגט איין וועלטען . . . דאָס שי־פעלע טראָגט זיך ווי א ניסעל אויפ׳ן וואַסער . . . זי וויגט זיך אויף די זייטען און אָט, אָט . . . שמשון אָבער פארלירט זיך ניט, ער יאָגט נאָך דאָס גאָלדענע פישעל, וועלכע פאַרשווינט צווישען די וואָלנעס . . . נאָר אָט באַוויזט זיך דאָס נאָך אַמאָל און שנעל ווי א בליץ פארוואַרפט ער דעם נעץ און כאַפּט דאָס... מיט אַ גענינגסקייט האָט ער זיך געלאָזען צום ברעג, גערודערט מיט די וויאַסלעס מיט זיינע אייזערנע מוסקולען, געמאכט א וועג צווישען די כוואַליעס. . . און צוגעקומען צום ברעג. צוגעבונדען די לאָדקע צום שלופּ, ארויסגעכאַפּט דעם גאָלדענעם העכט פון דער נעץ . . .און איבערגעגעבען עס צו זיין ווייב און עס איז געווען א סאַפּער כיד המלך אז מען האָט שוין פארגעסען אָן דעם שטורם.

אַ שווערען לעבען מאַכט שמשון־הגבור און אַלע דיסענקער אידען: זיי באַאַרבייטען די ערד ביים פריץ צו וועמען עס געהערט דאָס שטעטעל, האַקען האָלץ אין וואַלד און גרודשענען אָן זייערע גרויסע לאָיוועס (בארזשען) מיט תבואה און אלערליי סחורות און פיהרען קיין ריגא דורך זייער ליבע מאַמע־טייך „זאפאָדנאַיאַ־דווינא״ — און פאַר׳ן איבערפיהרען די סחורות פון דיסענקא אין ריגא, באַצאָהלען די סוחרים צו די לאָוואָטשניקעס אַ באַוואוסטען פרייז. זיי האָבען פיל אויסצושטעהן איידער זיי קומען אָן קיין ריגא, ווארום זיי מוזען אריבער די פּאָראָגעס (שפיציגע וואַסער־שטיינער) לעבען ריגא, די שווערע אָנגעגרודשטע לאָווע טראָגט זיך איבער די פּאָראָגעס שנעל, גרינג ווי א ניסעל. אַמאָל טרעפט אז די לאָווע ווערט צושמעטערט און דער לאָוואָטשניק פארלירט

אויך זיין לעבען. נאָר די מעהרהייט קומען אָן בשלום קיין ריגא און באקומען זייער געלט.

אז די לאַוואָטשניקעס געהען דורך בשלום די פאָראָגעס טעלעגראפירען זיי צו זייער פאַמיליע. פון אָנפאנג זומער גלייך ווי עס שפּאַלט זיך דער טייך מאַכען זיי דורך זייער יאַזדע עטליכע מאָל פון דיסענקא ביז ריגא. נאָר אין תמוז פאַלט אָפּ דאָס וואַסער, ווערט דער טייך שמאָלער, טרוקענער אין אנדערע ערטער. און עס קומט אויס פון ריגא צו שלעפען די ליידיגע שווערע ליאָוועס מעט אויף זיך. די לאוואָטשניקעס שפּאַנען זיך איין ווי די פערד; פאַרגאַרטלען זיך מיט גראָבע שטריק און שלעפען די לאַיוועס ביים ברעג טייך. פיהרען אַ קאַמף מיט די צווייגען פון די בוימער, וואָס וואַקסען ביים ברעג טייך און צודראַפּענען זייערע געזיכטער. דורך גרויס מאַטערניש קומען זיי בשלום אהיים פאַרשוואַרצטע, פאַר׳חשכ׳טע . . .

דאָס קליינוואַרג וואָס געפינט זיך ביים ברעג טייך דערזעהן זייער אָנ־קומען, לויפען זיי אָנזאָגען זייערע פאמיליעס און שרייען אויס: „איצקע, היימ׳קע — זיינען אָנגעקומען!״ . . . די ווייבער מיט די קינדער לויפען ארויס זיי מקבל פנים זיין און עס ווערט א גאנצע שמחה . . . מען שטעלט דעם סאַמאָוואַר, אלע ארום טיש, בייסען צו, רוהען זיך אָפּ פון זייער שווערער ארבייט. ציילען אויס זייער קאַפּיטאל און גיבען באַהאַלטען אַ טייל געלט צו זייערע ווייבער אויפ׳ן ווינטער . . . ווען עס קומט דער שווערער שטאַרקער ווינטער ווערט די מאַמע טייך — זאַפּאָדנאַיאַ דווינאַ פאַרפראָהרען, פאַרשלאָ־סען, באקלייד זיך מיט דעם שווערען דיקען אייז; שטום—שטיל ווערט ארום דעם קאָכעדיקען טייך, וואו טויזענדער מענשען האָבען געארבייט טאָג איין, טאָג אויס, א גאנצען זומער . . . און פארקלונגען מיט זייערע זיסע לידער דעם גאנצען געגענד. — דאַן ווינטער, ווערט אָפּגעשניטען די גאנצע פרנסה פון די לאַיוואָטשניקעס. זיי בינדען צו צום ברעג זייערע „לאַיוועס״ און וואר־טען אויפ׳ן ספרינג . . .

דער ווינטער, וועלכער דורכט זיך אויס פאר אן אייביגקייט אין די [illegible]יגען פון די לאַיוואָטשניקעס, געהט פאַרביי, עס קומט אָן דער ספרינג. אָט באַלד דאַרף זיך דער טייך עפענען.

איינמאָל האָט זיך דער טייך געעפענט ביינאַכט. עס האָט זיך דערהערט א רעש, אזוי ווי דאָס ברומען פון אַ ווילדע היה, דאָס אייז ברעכט זיך, טראָגט אראָפּ אלעס פון איהר וועג, מיט א מורה׳דיגען רעש, עס טראָגען זיך שנעל־בליץ גאנצע בערג מיט אייז, די כוואַליעס יאָגען איינע די אנדערע, פאר־טרינקען דעם געגענד אויף א גרויסען שטח און עס דוכט זיך אויס אז אלע היזקים פון דיסענקא מיט אלע איינוואוינער וועלען אראָפּגעטראָגען ווערען אין תהום . . .

ווען דער טייך האָט זיך איינמאָל איינגעבראָכען אין מיטען נאַכט, האָבען זיך די „לאַיוואָטשניקעס״ זיך אויפגעכאפּט, ווי איין מענש, צו ראַטעווען

זייער האָב און גוטס — די לאַיוועס — האַלב נאַקעטע האָבען זיי זיך ארויס־געשאָטען צום ברעג־טייך; געצויגען מיט אלע קרעפטען וואָס ווייטער פון ברעג זייערע „לאַיוועס״. — די ארבייט האָט געקאָכט, מען האָט געשלעפט שטריק, העק פון די הייזער. מיט מסירת־נפש האָבען זיי זיך „געפייט״ מיט די ברויזיגע כוואַליעס און אייז־קריעס, געהאַקט שלופּעס און געבונדען די גראָבע שטריק ארום זיי . . . נאָר זייער אָפּפערונג איז געווען אומזיסט, די די שטאַרקייט פון דער נאַטור האָט באזיגט דעם מענשליכען כוח . . . די בערג אייז מיט די כוואליעס, וואָס האָבען געטאַנצט ווי די שדים האָבען גע־בראָכען זייערע לאַיוועס דאָס איינציגע האָב און גוטס זייערע — זייער גאנצער פארמעגען. זיי האָבען צוגעבונדען די לאַיוועס צו די סלופּעס, די לעצטע עבודה אָפּגעטאָן האָבען זיי זיך צונויפגעזאמעלט אין שמשון־הגיבור׳ס הויז אָפּכאַפּען דעם אָטעם און באַראַטען זיך וואָס ווייטער צו טאָהן . . . נאָר מען האָט קיין עצה ניט געקענט געפינען . . . צוטומעלטע זיינען זיי ארומגעלאָפען אין הויז . . . געבראָכען די הענט און ניט געוואוסט וואָס צוטאָן . . . מעהר פון א לעמען איז געווען פארצווייפעלט שמשון־הגבור, זיינע אויגען זיינען געווען אָנגעגאָסען מיט בלוט, אזוי ווי א לייביכע ביי וועלכע מען רויבט אוועק איהר איינציג קינד . . . און אָט האָט זיך דערהערט נאָך אַ קראַך, טראַך, טאַראַראַך . . . שמשון־הגבור האָט זיך א ציה געטאָהן ארויסצולויפען פון הויז . . . אינסטינקטיוו האָבען די „לאַוואָטשניקעס״ דאָס געפילט, זיי האָבען איהם ארומגערינגעלט, פאַרצאַמט די וועג . . .

דאָס בלייכע ווייב האָט זיך איינגעקלאַמערט אין איהם, די קינדער — געיאָמערט, נאָר ער האָט געשריען מיט באנומענע קולות, מיט רציחה: „לאָזט מיר אָפּ!״ — מיט זיינע אייזערנע מוסקולען האָט ער זיי צושטופּט, ארויסגעלאָפען פון הויז און געוואָרפען זיך צו זיין ברויט־געבער „לאַיווע״ געשלעפּט איהר ווייטער צום ברעג פון צוגעבונדענעם סלופּ, וואָס האָט זיך קוים געהאלטען פון די אָנגעשפּאַרטע אייז־קריעס. מיט אמאָל „טראַך״ — דאָס שטריק האָט זיך אָפּגעריסען . . . דער סלופּ איז פארשוואונדען . . . שמשון האָט זיך אריינגעוואָרפען אין לאַיווע, גענומען די וויאָסלעס און אָנגע־הויבען צו טרייבען די ליאַווע צום ברעג . . . נאָר דער טייך ווערט אַ קאָכיגער ים; די וואָלנעס מיט קריעס־בערג טראָגען זיך מיט אימפּעט און רעש אַזוי ווי די טייוואָלים, הויבען זיך וואָס ווייטער העכער מיט א מהומה און טראָגען מיט שמשון׳ען מיט זיין לאַיווע . . . און נייע קריעס־בערג טראָגען זיך פון דערווייטענס און מיט אַ רעש וואַרפען זיי זיך ארויף ווי די שלאַנגען אויף די ערשטע אייז־קריעס, עס קומט פאַר צווישען זיי א קאַמף, זיי ווילען גובר זיין איינע די צווייטע, עס רוישט, עס קאָכט און דער גאנצער טייך ווערט אַ קאָכיגער קעסל, וועלכער שלעפּט אריין מיט זיך אלעס און וואַרפט אריין אין תהום אויף שמשון מיט זיין לאַיווע . . .

# אידישער הומאָר פון נייע און אַלטע קוואַלען

## זי געטרויעט ניט.

אין שפיטאָל, וואו א דאָקטאָר האָט אין זיין אָפטיילונג דורכעפירט איינשפריצונגען אויף פארשידענע פאַציענטען, האָט זיך אויך געפונען אן עלטערע אידענע, וואָס האָט שוין איינמאָל געהאט אַזאַ איינשפריצונג אין איהר אָרעם, און איצט האָט דער דאָקטאָר גענומען מאַכען איהר אַזאַ איינשפריצונג אין רוקען. בעת דער דאָקטאָר האָט געטאָהן זיין ארבייט, האָט ער באמערקט אז די אַלטיטשקע קוקט אריין אין א שפיגעלע, וואָס זי האלט אין האנט.

— וואָס קוקט איהר אין שפיגעלע? פרעגט דער דאָקטאָר.

— איהר זאָלט מיר געזונט זיין, — ענטפערט זי, — פריהער, אז איהר האָט געמאכט דעם איינשפריץ אין האנט, האָב איך געקאָנט זעהן וואָס איהר טוהט, אָבער אז איהר טוהט דאָס אין מיין רוקען, קאָן דאָך זיין, אז איהר נאַרט מיר אָפּ, דערפאר קוק איך אין שפיגעלע, צו זעהן אויב איהר טוהט עס ריכטיג.

## דעם ספר'ס ווייב'ס שאלה.

א ספר האָט געהאט זעהר א פרומע שפראַזאַמע פרוי. פרייטאָג איז זי געווען זעהר „ביזי" מיט'ן צוגרייטען דעם שבת. זי האָט גענומען א נאָדעל מיט א באַנוועל און האָט פארנייט די „קישקע" אויף שבת; עס איז איבער־געבליבען אין נאָדעל שטעקען אַ שטיקעל באַנוועל און אזוי ווי זי איז אַ קאַרגע האָט זי דאָס ניט ארויסגעוואָרפען און האָט די נאָדעל מיט'ן באַנוועל אריינ־געשטעקט אין אַ קישעלע, אויפ'ן צווייטען שבת א"ה.

זונטאָג האָט געבעטען דער מאַן זיין ווייב זי זאָל איהם צונייען אַ קנעפּעל צו די הויזען. האָט זי גענומען די נאָדעל מיט דעם זעלבען פאָדים וואָס איז געבליבען פון דער קישקע און האָט צוגענייט. נאָכדעם האָט זי פאר־לאָזען דאָס שטיב. דער מאַן וויל ניט איבערלאָזען אליין דאָס הויז, וואָרט און וואָרט. אין א שטונדע ארום איז זיין ווייב אריינגעקומען.

— וואו ביזטו נעלם געוואָרען מיט אַמאָל? פרעגט איהר דער מאַן.

— אזוי ווי היינט איז די 9 טעג, זאָגט זי, און איך האָב דיר איינגענייט דאָס קנעפּעל מיט א פליישיגען פאָדים, האָב איך געפרעגט דעם רב א שאלה צו דו מעגסט היינט אָנטאָן די הויזען? . . .

# די עצה.

אין אידישען שפּיטאָל זיצט א איד אַ פּאַר׳דאגה׳טער און קרעכצט. ער וואַרט אויפ׳ן דאָקטאָר. געהט צו צו נאָך אַ איד און פרעגט איהם: — ר׳ איד וואָס זענט איהר אזוי פארכמורעט, פארזאָרגט ?

— אָ, ענטפערט דער חולה, עס איז ביטער, ברודערקע, איך בין שטאַרק קראַנק, איך האָב טויזענט דאגות אויף מיין קאָפּ: די גרודז שטעכט מיר, דער רוקען ברעכט מיר,ביידע הענט טרייסלען זיך, ביידע פיס דרייען מיר, די קאָפּ שפּאַלט מיך, די לעצטע פינף צייהן פון מויל טוען מיט שטאַרק וועה . . אויך האָב איך גאָל שטיינער אודאי פינף . . . דערצו האָב איך האַי־בלאָד פּרעזשור, און אליין בין איך אינגאנצען קראַנק, איין גליד ניטאָ קיין גאנצער...

— נו, זאָגט איהם דער צווייטער איד — איז כדאי, פעטער, אזויפיל צו דאגה׳נען ? אַט, אדרבא, נעמט א בלייפעדער און פארצייכענט וויפיל קרענק איהר האָט: —

| | |
|---|---|
| די גרודז שטעכט — — — — — — — — | 1 |
| דער רוקען ברעכט — — — — — — | 1 |
| ביידע הענט טרייסלען — — — — | 2 |
| ביידע פיס דרייען — — — — — — — | 2 |
| די קאָפּ — — — — — — — — — — | 1 |
| די פינף קראַנקע צייהן — — — — — | 5 |
| די פינף גאל שטיינער — — — — — — | 5 |
| האַי־בלאָד פּרעזשור — — — — — — | 1 |

וויפיל זשע איז עס צוזאמען ? — — — — — 18 קרענק

— זעהט, אַט האָט איהר איצט איין דאגה אויפ׳ן קאָפּ, ווי ווערט מען פּטור פון 18 קרענק, און אַן עק, וואָס־זשע דאַרפט איהר ברעכען דעם קאָפּ מיט טויזענט דאגות ? . . .

## אַ שמועס צווישען צוויי ישיבה בחורים.

צוויי הונגעריגע ישיבה בחורים זענען געזעסען ביים וואַרימען אויוועז און האָבען גערעדט וועגען וועלטליכע זאכען. זאָגט איינער צום צווייטען: ווי קומט עס אז בראנפען מאַכט מען פון קאָרן און מען ווערט שיכור, פארוואָס ווערט מען ניט שיכור פון ברויט ? רופט זיך אָפּ דער צווייטער ישיבה בחור: איך ווייס ניט, איך וועל דיר זאָגען דעם אמת איך האָב קיינמאָל ברויט צו זאַט ניט געגעסען. האָט מען געקליבען א קאָפּיקע צו אַ קאָפּיקע צו קויפען א ברויטעל. ווען מען האָט געקויפט דאָס ברויטעל איז ווידער געוועזן א פראגע צי ביידע זאָלען זיך צוטיילען, אָדער איינער פון זיי זאָל אויפעסען אינגאנצען

און דער צווייטער זאָל איהם קוקען אין מויל אריין . . . זיי האָבען געוואָרפען גורל אז איינער זאָל איהם עסען. אויף דעם וואָס איז אויסגעפאַלען דער גורל האָט זיך געוואַשען, געמאכט א ברכה, דער צווייטער האָט געענטפערט אָמן. הונגעריג איז ער געווען האָט ער זיך גענומען פאר דער אכילה און געמאכט אָגיל ואשמח . . .

דער צווייטער ישיבה צחור פרעגט איהם:

— נו, ביזטו שיכור?

— שיכור ווי שיכור, פרעהליכער בין איך! . . .

# זי זאָל ניט עלטער ווערען.

אַן אלמן א בעל־מלאָכה האָט געוואָלט טאָהן א שידוך, האָט א שדכן איהם גערעדט א שידוך מיט אַ גאַנץ פיינע אלמנה א יאָהר 35, מיט צוויי קינדערלאך, דערצו האָט זי געהאט צוויי טויזענד דאלער. דער שידוך איז אויסגעפיהרט געוואָרען.

האָט זי איהם אריינגעבראכט גאנצע 4 קליינע קינדערלאך . . . און דער לאַנגט איהם איהר באנק־ביכעל, וואָס באשטעהט פון אַנדערהאלבען דאלער . . . א חוץ דעם האָט ער זיך דערוואוסט פון די שכנים, אז זי איז אלט 55 יאָהר . . . זאָגט ער צו איהר אזוי: — מילא דו האָסט מיר אָפּגענארט מיט די קינדער — אַנשטאָט 2 איז 4, נו, וואָס קענסטו מאכען, קענסט זיי דאָך ניט באגראָבען . . . די 2 טויזענד דאלער ניטאָ, האָט איהר דאָך געדארפט עסען נאָך דעם מאַנ׳ס טויט . . . אָבער וואָס האָסטו מיר אָפּגענארט אין דיינע יאָהרען? אלזאָ, ווער כאָטש ניט עלטער פון היינט מאָל אָן . . .

# די זייט.

געווען א איד, וואָס ביי איהם האָבען זיך ניט געהאלטען די ווייבער, רחמנל״צ. איינינגע זיינען געשטאָרבען, איינינגע האָט ער גע׳גט . . . ער האָט חתונה געהאָט צום זיבעטען מאָל, גראדע דאָס מאָל געטראָפען. גענומען א אשת־חיל און ניט קיין פּראָסטע אידינע. איינמאָל אַ שבת בראשית האָט זי אָפּגעלייענט איהר „צאינה וראנה״ און צוגעגאנגען צו איהר מאַן, נעהמט איהם ארום פריינדליך און טאַפּט זיין זייט . . .

— פרעגט ער איהר, וואָס טוסטו ? עס קיצעלט זיך . . .

— איך וואונדערזיך, זאָגט זי, גאָט האָט באַשאַפען חוו׳ן פון אדמ׳ס זייט פון זיין ביין . . . האָט געפעלט ביי אדמ׳ן אָ ביין . . . און דו האָסט די זיבעטע ווייב דאַרף דאָך דיר פעלען זיבען ביינער? . . .

— פארשטעהסטו מיר מיין ווייב, איך האָב אָפּגעמאכט מיט׳ן רבונוש״ע אויף אַ גאַנצען דאָזען ווייבער . . . וועל איך אוועקגעבען מיט אַמאָל א גאנצע זייט . . .

## מיט׳ן זוים אראָפּ.

אין וועסט קאַנאַדע אין דער שטאָדט ש. האָט געוואוינט א רייכער בכבוד׳יגער איד. ויהי היום זיין ווייב רמ״ל איז ביי איהם אָפּגעשטאָרבען. אוועק א היבשע צייט האָט זיך איהם פארוואָלט חתונה האָבען נאָך אַמאָל. זיינע פארהייראַטע קינדער האָבען איהם אויך צוגערעדט חתונה האָבען. אַ שדכן האָט איהם גערעדט א שידוך מיט אַ שעהנער אלמנה, א יאָהר דרייסיג. ער איז געווען א בן־שבעים, נאָר אויסגעזעהן אסך אינגער. דאָס ווייבעל איז איהם שטאַרק געפעלען געווארען . . . זי איז געווען אינדעפּענדענט, און אנדערש ניט געוואָלט חתונה האָבען ביז וואַנעט ער וועט אָפּשרייבען אויף איהר נאָמען צעהן טויזענט דאלער, וועלכע זי וועט באקומען נאָך זיין שטאַרבען. מיסטער פּ. האָט אלץ אויסגעפאָלגט . . . די קינדער האָבען געמיינט אז ער וועט נעהמען אַן עלטערע פרוי, און יעצט גאָר א יונגע . . . נאָר פארפאַלען.

זי פלעגט אָפט ארומפאָהרען צו איהרע קרבים, ער פלעגט ניט וועלען ליידען, נו, וואָס קען מען טאָהן —עס איז דאָך די צווייטע פרוי . . . אזוי האָט זיך געלעבט א פאָר יאָהר. ויהי היום, ער איז קראַנק געווארען און אָפּגעשטארבען. דאָס ווייבעל האט איינגעלייגט וועלטען, געוויינט, געיאמערט גע׳טענה׳ט אז נאָך אַזאַ טייערען מאַן וועט זי שוין קיינמאָל ניט הייראַטען . . .

איינער פון די חברה קדישא, א וויצלינג רופט צו די יונגע אלמנה און זאָגט צו איהר, זייט וויסען ליבע פרוי אז וואָס מען זאָגט צו אַ מאַן— אַ מת מוז מען מקיים זיין, איז אזוי, אויב איהר וועט ניט הייראַטען דארפען מיר, חברה קדישא״ אַנטאָהן איהם זיינע „תכריכים״ מיט׳ן זוים ארויף, און אויב איהר מיינט יאָ הייראַטען, דארפען מיר איהם אַנטאָהן — מיט׳ן זוים אראָפּ. ווי זאָל מען טאָהן, ווייבעלע?

ענטפערט זי ווינענדיג: טהוט איהם אָן בעסער מיט׳ן זוים אראָפּ . . .

## די קאַטוילישע דינסט.

אַ מאַן וואָס האָט זיך גוט ארויסגעארבייט און איז שוין פון דאַן־טאַן ארויף אפּ־טאַן האָט ער און זיין פרוי שוין מעהר ניט געוואָלט קיין אידישע דינסט אין הויז, נאָר אַ פראַנצויזישע — אַ קאַטאָליטשקע, אַזאַ וועט האָבען מעהר רעספּעקט . . . און מען וועט זיך אויסלערנען פון איהר פראנצויזיש . . . איך מוז אָבער באמערקען אז די יונגע פּאָר האָבען געפירט א כשרה קיך. דאָס

האָט געשטערט די ערשטע צייט צו האַלטען א פראנצויזישע דינסט, נאָר די פרוי האָט אויפגעוויזען באותות ומופתים אז א קאַטאָליטשקע אלס קעכין וועט אָפּהיטען כשרות בעסער ווי אַ אידישע קעכין, זיי זיינען פרומער . . . און וואו איז זי די מאַדאַם, זי וועט אכטונג געבען מיט א שאַרפע אויג, ער דער מאן דארף קיין צער ניט האָבען . . . דער מאן האָט מסכים געווען . . . גערעדט און געטאָהן און מען האָט אריינגענומען א פראנצויזישע דינסט. די מאַדאַם האָט איהר אויסגעלערענט ווי צו האלטען דאָס פליישיגע געשיר אָפּגעזונדערט פון די מילכיגע. איינמאָל האָט באמערקט די מאַדאַם אַז די דינסט האָט געמאכט אַ מיש־מאַש צוזאמענגעלייגט די מילכיגע לעפעל מיט די פליישיגע צוזאמען. . .

— ווארום, מאַרי, צומישטו די לעפעל? איך האָב דאָך דיר געלערענט מילכיגע באזונדער, פליישיגע באזונדער.

— כ׳וויים, מאדאַם, נאָר איצט איז אלץ איינס, נעכטען צו סאַפּער מיל־כיג געמאכט די פליישיגע לעפעל אלע, איך האב זיי געגעבען צום מילכיגען סאַפּער . . .

## באזיגט דעם גלח.

אַ גלח אַ שונא ישראל, האָט אמאָל ארויסגערופען דעם רב פון שטעטעל אויף א דיספיוט. ער האָט מיט איהם אָפּגערעדט, אזביידע זאָלען זיך שטעלען אויף אַ שיפעל אין מיטען טייך און איינער זאָל דעם צווייטען פרעגען פראגעס, און ווער עס וועט ניט וויסען וואָס צו ענטפערען, זאָל איהם דער אנדערער אריינווארפען אין טייך. דאָס האָט געדארפט פארקומען אין א באשטימטען טאָג. דער רבי האָט דאָס דערצעהלט די אידען אין שטעטעל. עס איז געוואָרען טרויעריג. מאַלע וואָס דעם רשע קאָן איינפאַלען צו פרעגען, אזוי אז דער רב זאָל ניט קענען ענטפערען, און קען פארלירען זיין לעבען.

אין מיטען דעם טומעל באווייזט זיך דער טרעגער פונ׳ם שטעטעל און זאָגט אז ער נעהמט זיך אונטער צו האלטען מיט׳ן גלח דעם דיספיוט. דער עולם האָט מסכים געווען.

דער גלח ווידער איז אויך געווען מעהר צופרידען מיט׳ן טרעגער, ווייל דער רב איז דאָך פאָרט אַ געלערענטער מענש און קאָן איהם נאָך מנצח זיין.

דער טרעגער און דער גלח זיינען שוין געשטאַנען אויפ׳ן שיפעל, און נאָך דעם ווי מען האָט געוואָרפען גורל איז געפאלען אויפ׳ן טרעגער, האָט ער טאַקע גלייך אַ פרעג געטאָהן:

— וואָס איז דער טייטש פון „איני יודע״?

— איך ווייס ניט — מאַכט דער גלח.

— אַהאַ, דו ווייסט ניט, — שרייט אויס דער טרעגער און גיט מיט זיינע שטאַרקע הענט א הויב דעם גלח און שליידערט איהם אין וואסער אריין . . .

ווען מען האָט שפּעטער דעם טרעגער געפרעגט, וואָס איז דיר עפּעס איינגעפאַ־
לען צו פרעגען דוקא דעם טייטש איני יודע? — האָט ער געענטפערט: „איך
האָב דאָס אמאָל געפרעגט מיין רבי׳ן אין חדר, האָט ער געזאָגט „איך ווייס ניט״.
נו, אז א רבי ווייס ניט, טאָ ווי קאָן דער גלח וויסען . . .

## דער קאַרגער גביר און דער מגיד.

עס איז געווען אַ קאַרגער גביר און מען פלעגט צו איהם קומען בעטען
אַ נדבה, פלעגט ער זאָגען אַ תירוץ: „איך גיב דעם טאַטען״ — האָט מען
חוקר ודורש געווען אז דעם טאַטען גיט ער אויך ניט. ווען מען האָט איהם
דאָס געזאָגט, ענטפערט ער מאַדאָך אז מיין אייגענעם טאַטען גיב איך ניט, אַ
פשיטה שוין צו א ווילד פרעמדען . . . ?

איינמאָל איז צו אַזאַ חברה־מאַן געקומען אַ מגיד בעטען ביי איהם
אַ דאָנײשאָן אויף אַ וויכטיגע זאך. דער גביר וויל גאָר ניט הערען, איינמאָל —
„ניין״. — פאר׳ן אוועקגעהן זאָגט צו איהם דער מגיד:

— איהר האָט אַ גרויסען זכות, איהר זענט מזומן לחיי עולם הבאָ . . .

— איהר מאַכט חוזק, זאָגט צו איהם דער גביר, פאַרוואָס איך גיב
ניט קיין צדקה, וועל איך האָבען עולם הבאָ ?

— איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה׳לע וועט איהר זעהן אַז דאָס
איז אמת, זאָגט דער מגיד, געווען אַמאָל א גביר א קמצן, וואָס האָט אפילו
איין סענט ניט געגעבען אויף זיין לעבען צו אַן אָרימאַן. איינמאָל פאַר׳ן
שטאַרבען האָט דער גביר געבעטען אז מען זאָל איהם מיטגעבען זיין גאַנץ
געלט אין קבר אריין. מען האָט מקיים געווען זיין צוואָה. ער איז געקומען
פאַר׳ן בית דין של מעלה און מען וויל זעהן וואָס ער האָט אויפגעטאָהן אויף
דער וועלט האָט מען געעפענט דעם ספר הזכרונות און מען האָט אויסגע־
פונען אז ער האָט גאָרנישט אויפגעטאָן אויף דער וועלט און ניט ארויסגע־
האָלפען קיינע אָרימעלייט . . .

— וואָרום האָסטו ניט מקיים געווען די מצוה פון צדקה ? פרעגט מען
איהם.

— דערפאַר ווייל אויפ׳ן עולם השקר דרעהען זיך ארום בלאָפערס
— האָב איך מיין געלט מיטגעבראַכט דאָ צו צוטיילען . . .

— אַ חכם אַ איד, אַ וויכטיגע טענה. האָט זיך דער בית־דין של מעלה
גע׳ישוב׳ט און ארויסגעטראָגען, אַזאַ פּסק־דין: אויב עס וועלען זיך אויס־
געפינען נאָך צוויי אזעלכע וואָס האָבען געטאָהן ווי ער, וועט מען איהם געבען
גן־עדן. מען האָט געזוכט און איינער האָט זיך אויסגעפונען, דאָס איז קורח,
ער איז באַגראָבען געוואָרען צוזאַמען מיט זיין געלט, איצט, מיין פריינט,
וואַרט מען אויף אייך, איהר וועט זיין דער דריטער: קרח, יענער קמצן און
איהר, וועט איהר זיין אַ „מזומן לחיי עולם הבאָ . . .

# „ספענד - געלט"

אהב את המלאָכה. (פרק ראשון)

אמאָל איז געווען א קינג וואָס האָט גליקליך געלעבט מיט זיין פרוי, וועלכע איז געווען א באוואוסטע שעהנהייט, א קלוגע מיט א גוטען כאַראַקטער. נאָר מיט א מאָל איז זיין גליק פארשוואונדען געוואָרען: זיין פרוי איז גע־גאנגען שווער צו־קינד, זי האָט איהם געבוירען א טאָכטער און באצאָהלט מיט איהר לעבען. דער אומגליק איז געווען זעהר גרויס און ער איז ארומגע־גאנגען צוטומעלט. דאָס קינד איז געווען זיין גאנצע טרייסט אין לעבען, זי האָט געבליהט ווי א ראָזע, געווען שעהן און קלוג. ווען דאָס קינד איז עלטער געוואָרען, האָט ער געציטערט איבער איהר און איהר נאָכגעגעבען אין איהרע אַלע קאַפּריזען. ווען זי איז געוואָרען נאָך עלטער האָט זיך ביי איהר ענטוויי־קעלט א שלעכטער כאַראַקטער אַז אלעס וואָס זי זעהט און וואָס זי וויל, מוז זי דאָס קריגען, וואָס פאר א טייערער פרייז עס זאָל ניט באטרעפען

דער פאָטער פון זיין גרויס ליבע צו זיין טאָכטער, האָט איהר אלעס נאָכגעגעבען. זי האָט געשפּענט געלט אויף רעכטס און לינקס, אָהן אַ ברעג אויף קאָסטבאַרע זאכען, און דעם פאָטערס קאָסע האָט זיך אויסגעשעפּט . . . ניט קוקענדיג דארויף האָט דער פאָטער איהר ניט אָפּגעשטעלט און ניט אויס־גערעדט, ווארום די ליבשאפט צו זיין טאָכטער האָט איהם פארבלענדט די אויגען. די טאָכטער האָט וואָס ווייטער מעהר געשפּענט און דער קיסר איז געווען גענויגט אָנצוריהרען דעם פאָלקס קאַפּיטאל . . . און אָט שעפּט זיך אויך אויס דעם פאָלקס קאַפּיטאל . . . און דער מלוכה אַפּאַראַט ווערט צופאַלען . . .

דער קיסר האָט דערפילט די סכנה, האָט ער זיך באַראַטען מיט זיינע מיניסטאָרען צוצוטראַכטען אַ מיטעל ווי אויסצוהיילען זיין טאָכטער פון איהר קראַנקהייט וואָס טראָגט דעם נאָמען: „ספּענט געלט". . . .

דאַן האָבען די מיניסטאָרען גע׳עצה׳ט דעם קעניג אויסצורופען אַ רוף: „ווע׳ר עס וועט אויסהיילען דעם קיסר׳ס טאָכטער פון איהר קראַנקהייט „שפּענט־געלט" פאר דעם וועט זי חתונה האָבען".

אזוי ווי זי איז געווען אַ באַרימטע שיינהייט און גוט געלערענט זענען געקומען פילע יונגע לייט חכמים וואָס האָבען געוואָלט געווינען איהר האַנט. זיי האָבען אָנגעווענדעט אלערליי מיטלען און בשום אופן ניט געקענט איהר אויסהיילען. דעם קיסר׳ס טאָכטער האָט ווייטער געשפּענט געלט, נאָך מעהר ווי פריהער . . .

איינמאָהל פון אַ ווייטען לאנד, איז געקומען אַ קעניגס אַ זוהן, א חכם, וועלכער האָט געהערט וועגען דער שיינהייט און וועגען איהר קראַנקהייט — ער האָט איהר געוואָלט פאַר א פרוי נאָר פריהער איהר אויסהיילען . . . ער האָט זיך פארשטעלט פאר אַ רייכען סוחר; ער האָט מיטגענומען טייערע ברי־

ליאַנטען, דימענטען, פערל און נאָך טייערע חפצים און אָנגעקומען אין פּאַלאַץ פון דער פּרינצעסין. זי האָט ערשיינט פאַר איהם. ער איז איבעראַשט געוואָרען פון איהר שיינהייט. ער האָט אין זיין לעבען קיינמאָל ניט געזעהן אַזאַ פּראַכט־פולע פּרינצעסין. זי האָט ביי איהם אויסגעקויפט די בעסטע בריליאַנטען, די־מענטען און פּערל . . . צום סוף, האָט ער איהר געוויזען א וואונדערבאַרען פּראַכטפולען פויר־קאָוט וואָס פאַרנעמט אַן אויג. דעם קיסר׳ס טאָכטער איז געוואָרען איבעראשט פון פּראַכטפולען פויר־קאָוט, אָנגעמאָסטען איהם, גע־דרעהט זיך פאַר׳ן שפּיגעל און געהאַט גרויס חשק איהם אָפּצוקויפען . . . אָבער דער כיטרער סוחר האָט ניט געוואָלט צו איהר פאַרקויפען. ער האָט געזאָגט אַז דער פויר־קאָוט באַטרעפט א גרויסע סומע געלט און איהר פאַטערס קאַפּי־טאַל וועט ניט קענען דעקען די סומע. זי האָט זיך אויפגערעגט פון אַזעלכע ווערטער און איהם אויסגעזידעלט פאַר אַזאַ העזה, ווארום איהר פאָטערס רייכ־קייט איז באַוואוסט אויף דער גאַנצער וועלט. נאָר דער סוחר האַלט זיך ביי זיינס און טענה׳ט אַז ביי איהר פאָטער וועט ניט זיין גענוג געלט צו באַצאָהלען פאַר אַזאַ קאָסטבאַרען פויר־קאָוט. זי האָט געזעהן אַז מיט בייזען וועט זי גאָרנישט אויספיהרען, האָט זי אָנגעהויבען מיט גוטען, ער זאָל איהר פאַר־קויפען דעם פויר־קאָוט; דאַן האָט דער סוחר צו איהר געזאָגט: „זיי וויסען, פּרינצעסין, אַז ניט איבער דעם גרויסען פּרייז פון פויר־קאָוט זאָג איך דיר אַז דיין פאָטער וועט ניט קענען דעקען דעם פּרייז, אדרבא, דער פּרייז פון פויר־קאָוט איז זעהר א קליינער; נאָר איך וויל דעם פּרייז פון פויר־קאָוט אַזוי פיל וויפיל דער שניידער האָט באַקומען פאַר זיין פּראַצע — פאַר׳ן נייען דעם פויר־קאָוט מיט זיין שווייס פון זיין געזיכט, און דו, פּרינצעסין, האָסט קיינמאָל זיך ניט געמאַטערט פאַרדינען געלט, און אַלעס וואָס דו שפּענסט און האָסט, איז דאָס געגעבען דיר פון דיין פאָטער. און איצט איז אַזוי, אויב דו ווילסט האָבען דעם פויר־קאָוט פאַר זיין געמיינעם פּרייז, גיב מיר דאָס געלט, וועלכע דו האָסט אַליין אויף זיי געהאָרעוועט און פאַרדינט אָהן דער הילף פון אַ צווייטען. זי איז מרוצה געוואָרען.

דעם קיסר׳ס טאָכטער האָט אָנגעהויבען צו קלערען ווי קען זי פאַר־דינען אַזאַ סומע? זי האָט זיך דערמאָנט אַז זי פלעגט מאָלען בילדער און אַלע מענשען האָבען באַוואונדערט איהר טאַלאַנט. האָט זי זיך באַראַטען מיט איהרע דינער און גענומען איינע פון די בילדער און מיט איהר דינער אוועקגעשיקט אין מארקעט צו פאַרקויפען און איהם פאַרזאָגט אַז ער זאָל ניט זאָגען אַז דאָס בילד האָט געמאָלען דעם קיסר׳ס טאָכטער, ווארום מען וועט דאַן געבען פיל, כאָטש עס איז ווינציג ווערט. דער דינער איז געקומען מיט ליידיגע הענט, ווארום מענשען האָבען אָפּגעלאַכט און געזאָגט אַז דאָס איז ניט קיין בילד, נאָר א פאַרזעהעניש . . . זי האָט געשיקט א צווייטען מאָהל אַ „שיר" וואָס זי האָט אמאָל אָנגעשריבען אויף פּאַרמעט אין אַ גאָלדענעם ראַמעל; נאָר אויך

דאָס מאָל האָבן מענשען אָפּגעלאַכט און געזאָגט אז עס איז ניטאָ קיין פונק פון קונסט און פּאָעזיע. דאַן האָט זי פאַרשטאַנען ווי ווייט זי איז אָפּגעשטאַנען פון קונסט. נאָר די הויף־מענשען האָבן איהר גע׳חנפ׳עט — פאַלש געוועןֿ, און געמאכט איהר פאַר א מאַלערין, אַ דיכטערין . . . . זי האָט ניט געקענט קיין עצה זיך געבען . . : .

איהרע קאַמער־מיידלאך האָבן ניט געקענט צוזעהן איהר צער און האָבן איהר גע׳עצה׳ט אז זי זאָל פאַרלאָזען איהר גאָלדענעם קאַבינעט (פּאַלאַץ) און זיך אריינציהען אין קיטשען, באַקען אלערליי „קעיקס״, זיי פאַרקויפען. דאַן וועט זי פאַרדינען די סומע געלט, וואָס דער סוחר פאַרלאנגט פאַר דעם פויר־קאוט. זי האָט געפאָלגט, מען האָט איהר געבראכט: מעהל, וואסער, מילך, פּוטער און אלעס. זי האָט אַליין געקנאָטען דאָס טעג, געטייטעלט זיי אויף חלקים, אויסגעוואַלגערט, אָנגעפילט מיט אלערליי ווארעניעס און האָט זיי באשמירט מיט בוימעל און האָניג. און נאָך פיל מיה האָט זיך איהר איינגעגע־געבען אויסצובאַקען גוטען „קעיק״; איהרע דינער האָבן דאָס פאַרקויפט. אזוי איז זי געשטאַנען אין קיך און געבאַקען טאָג־איין, טאָג־אויס טראָפּענס שווייס האָט געטריפט פון איהר. איינמאָל האָט זי גע׳חלש׳ט דורך איהר ארבייט, ווייל זי איז ניט געוואוינט געווען דערצו. נאָר זי האט זיך ניט אונטער־געגעבען ביז וואַנען זי האָט מיט איהר אייגענע מיה צונויפגעזאַמעלט די סומע, וואָס איהר איז נויטיג. דאַן איז זי אויסגעהיילט געווארען פון איהר קראנקהייט „שפּענט־געלט״. . .

זי האָט זיך איבערצייגט אז געלט איז טייער, עס פאַרדינט זיך שווער, און מען טאָר ניט שפּענדען אויף לוקסוסען . . . דאָס געלט איז דורכגעזאַפּט מיט דעם שווייס און בלוט פון די ארבייטער.— פון דאַמאָלסט אָן איז זי גע־וואָרען אַן אנדער מענש, אָנגעהויבען טייער האַלטען ארבייט און געלט. גע־היילט געווארען פון איהר קראנקהייט „ספּענט־געלד״. געלטשדאָס

דעם קיסר׳ס זוהן, וועלכער האָט איהר אויסגעהיילט, האָט געהייראַט מיט איהר און זיי האָבן גליקליך געלעבט.

(החלק השני יהיה נדפס בקרב).



